


# אונזער רעוואָלוציאָן

פון

## לעאָן טראָצקי

איבערזעצט פון

פ. געליעבטער

ארויסגעגעבען פון
פאַרלאַג „אוואַנגאַרד“, ניו יאָרק

VANGUARD PUBLISHING
179 EAST BROADWAY
NEW YORK, 1919

# אינהאַלט:



# פארערדע

## לעאן טראצקי
(איינינע שטריכען).

### פון דר. ב. האפמאן (צביון).

דאס פארליגענדע בוך איז א זאמלונג פון ארטיקלען, וועלכע לעאן טראצקי, איינער פון די איצטיגע הויפט־פיהרער פון דער באל־שעוויסטישער רעגירונג אין רוסלאנד, האט געשריבען מיט יאהרען פריהער, איידער די גרויסע רוסישע רעוואלוציע פון 1917 האט אויסגעבראכען. די ארטיקלען זיינען היינט אינטערעאסנט נים דערמיט אליין, וואס דורך זיי ווערט מען באקאנט מיט די געדאנקען און אידעען פון לעאן טראצקי וועגען דער אויפגאבע פון דער רוסי־שער רעוואלוציע, וועלכע האבען זיך ביי איהם ענטוויקעלט שוין מיט 12 אדער 13 יאהר צוריק, נאר זיי זיינען פיעל מעהר אינטע־רעסאנט דערמיט, וואס פון די ארטיקלען זעהט מען ווי טראצקי פרובירט איצט דורכפיהרען אין דער פראקטיק די אידעען, וועלכע ער האט אויסגעארבייט מיט מעהרערע יאהרען צוריק.

לעזענדיג היינט די ארטיקלען פון לעאן טראצקי באקומט מען דעם איינדרוק, אז די רעוואלוציע אין רוסלאנד איז געמאכט געווא־רען ווי נאך א פארשריפט. עס זעהט אויס ווי טראצקי וואלט צוערשט אויפגעשריבען ווי די רעוואלוציע דארף פארקומען און נאכדעם האט ער זיך גענומען זיי דורכפיהרען, אז זי זאל שטימען מיט די ארטיקלען, וועלכע ער האט געשריבען מיט יאהרען צוריק. און לעזענדיג די ארטיקלען ווערט מען אפט איבערראשט ווי די

פאַקטען פון דער איצטיגער רוסישער רעוואָלוציע שטימען אין פיעלע פעלע מיט אַ באַזונדערע פּינקטליכקייט מיט דעם, וואָס טראָצקי האָט געשריבען. אָפט פאַרגעסט מען, אַז די אַרטיקלען זיינען געשריבען געוואָרען מיט 12 אָדער מיט מעהרערע יאָהרען צוריק און אַז דאָס זיינען בלויז פאָראויסזאָגונגען וועגען דער קומענדער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, נאָר מען מיינט, אַז זיי זיינען איצט ניט לאַנג געשריבען געוואָרען און אַז זיי גיבען איבער די פאַקטען ווי אַזוי די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע איז דורכגעפהרט געוואָרען און ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט האָט איינגעפיהרט זיין דיקטאַטור.

אין זיין לאַנג יעהריגער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט האָט זיך לעאָן טראָצקי אימער אויסגעצייכענט מיט צוויי זאַכען — מיט זיין טיעפען, אונבאַשרענקטען גלויבען אין די כוחות פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און מיט זיין פאַרביטערטער שנאה און פאַראַכטונג צו דער בורזשואַזיע.

דער פּראָלעטאַריאַט מוז ברייננען די רעוואָלוציע און מוז אַריינגעמען די מאַכט אין זיינע הענד — דאָס איז ביי טראָצקין געווען ניט בלויז אַ טיעפע איבערצייגונג נאָר פיעל מעהר אַן אונבאַגרענצט גלויבען. די מאַרקסיסטישע טעאָריע, די לעהרע פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע טראָצקי האָט אַזוי פלייסיג שטודירט, איז ביסלעכווייז ביי איהם פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גלויבען, וואָס נויטיגט זיך מעהר ניט אין באַווייזע. אַזוי **מוז** זיין און אַזוי **וועט** זיין, דער פּראָלעטאַריאַט וועט ברייננען די רעוואָלוציע און וועט אַריינגעמען די מאַכט אין זיינע הענד — דאָס איז אַזאַ אונבאַשטרייטבאַרער אמת, וואָס טאָר אפילו ניט דיסקוטירט ווערען. און אַזוי ווי עס איז אונבאַשטרייטבאַר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מוז ברייננען די רעוואָלוציע און איינפיהרען זיין דיקטאַטור, אַזוי איז עס אויך אונבאַשטרייטבאַר, אַז די בורזשואַזיע איז קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, מוז באַקעמפען די רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט און מען טאָר

דאַריבער אַפילו די בעסטע פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזיע ניט טרויען פון דאַנען אַהין, שוין אָפגערעדט אַריינצוטרעטן מיט זיי אין וועלכע עס איז אָפּמאַכונגען, ווייל זיי ווילן זיכער פאָרויסזען די רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט וואָס עס וועט זיך זיי מאַכן.

טראָצקי איז אימער געווען דער אָפּטימיסט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אין די פינסטערסטע צייטן פון דער רוסישער רעאַקציע האָט ער זיין אָפּטימיזם ניט פאַרלאָרן. איבערצייגונגען אליין וואָלטן אַזאַ שטאַרקן, אומבאַשרענקטן אָפּטימיזם ניט געקענט אימער אויפהאַלטן, דערצו איז נויטיג אַ שטאַרק אומבאַגרענעצט גלויבן. פאַר טראָצקי'ן איז די רוסישע רעוואָלוציע געווען אַ פאַקט, זי איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, ער האָט זי געזעהן קלאָר, ווען זי איז נאָך געווען גאַנץ ווייט און ווען פילע האָבן געגלויבט, אַז בלויז דער צוקינפטיגער דור וועט זי ערשט דער־לעבן.

טראָצקי איז אַזוי זיכער געווען מיט דער רעוואָלוציע, זי איז געווען ביי איהם אַזאַ זיכערער פאַקט, אַז ער האָט וועגן איהר עצם, וועגן איהר נאָהנטער פאַרווירקליכונג אפילו ניט געהאַלטן פאַר נויטיג צו דעבאַטירען, וואָס איהם האָט אינטערעסירט זיינען געווען די איינצעלהייטען, די פּרטים ווי אַזוי די רעוואָלוציע דאַרף דורכגעפיהרט ווערען און ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט וועט איינ־פיהרען זיין דיקטאַטור.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון טראָצקי'ן איז זיין זיכערהייט אין זיינע באַהויפּטונגען. אין זיינע רעדעס און אין זיינע אַרטיק־לען הערט זיך אימער דער שטאַרקער זיכערער טאָן פון אַ גלויבי־גען. קיין שפּור פון צווייפעל, קיין סמן פון ספקות, נאָר הונדערט פּראָצענט זיכערהייט. פון „עס וועט" ווערט ביי טראָצקי'ן „עס איז". וואו אַן אַנדערער וועט געברויכען דעם אויסדרוק „עס דאַרף קומען", וועט טראָצקי זאָגען „עס קומט".

טראָצקי איז פיעל מעהר געווען דער נביא פון דער רוסישער

רעוואָלוציע, איידער איהר לעהרער און פיהרער. אלס לעהרער און פיהרער פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט טראָצקי קיין מאָל קיין ערפאָלג ניט געהאט. מייסטענס האָט ער מיט זיך פאָרגע־שטעלט א פארטיי פאר זיך אליין, אָהן נאכפאָלגער. ער האָט אין באַרשידענע צייטען פיעל מיה אָנגעווענדעט צו פאראייניגען די מענשעוויקעס מיט די באָלשעוויקעס, אָבער זיינע באמיהונגען האָבען קיין מאָל קיין ערפאָלג ניט געהאט. זיינע פלענער פון פאר־איינינונג זיינען ניט געווען, אז די באָלשעוויקעס מיט די מענשע־וויקעס זאָלען זיך אויסגלייכען צווישען זיך, נאָר אז זיי זאָלען זיך אויסגלייכען מיט איהם. טראָצקי האָט ניט פארנומען קיין מיטעל־פונקט צווישען די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס, הגם מען האָט איהם אָפט גערופען מיט דעם נאָמען „צענטריסט", נאָר ער איז געווען א פארטיי פאר זיך. ער איז ניט געשטאַנען צ ו ו י־ש ע ן די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס, נאָר ער איז געשטאַ־נען באזונדער, אָפגעטיילט אי פון די מענשעוויקעס, אי פון די באָלשעוויקעס, און זיין פאראייניגונגס־ארבייט איז באשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט, אז אי די באָלשעוויקעס, אי די מענ־שעוויקעס זאָלען צושטעהן צו איהם. דער רעזולטאט איז אָבער געווען, אז קיינער איז צו איהם ניט צוגעשטאַנען.

איינער פון די שארפסטע קעמפע צווישען די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס האָט זיך אָפגעשפיעלט אויף דעם בעריהמטען לאָנדאָנער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראטישען צוזאמענפאָהר אין יאָהר 1907. דאָס איז געווען דער גרעסטער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראטישער צוזאמענפאָהר אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע אין רוסלאַנד. עס זיינען אויף דעם צוזאמענפאָהר געווען פארטראָטען די בעסטע טעאָרעטיקער, רעדנער, פראַקטיקער און פיהרער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. פלע־כאַנאָוו, לענין, מארטאָוו, מארטינאָוו, אקסעלראָד, אבראמאָוויטש, ליבער, באָגדאנאָוו, גאָרקי, ראָזא לוקסעמבורג, צערעטעלי, אלעק־סינסקי, כטאָלפנער און א גאנצע רייהע אנדערע פראָמינענצען.

איך אויף אויף דעם דאָזיגען צוזאַמענפאַהר האָט טראָצקי פּראָבירט שאַפען אַ פאַראייניגונג. איך געדענק זיין קורצע רעדע, וואָס ער האָט אויף דעם צוזאַמענפאַהר געהאַלטען. אַ רעדע פון צעהן מינוטען. און איך גלויב, אַז דאָס איז די גלענצענדסטע רעדע, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט. די פאַרזאַמלונג האָט טראָצקי'ן אויסגעהערט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם, נאָר ווען ער האָט זיין רעדע געענדיגט איז טראָצקי צוריק געבליבען זיצען אליין אויף זיין באַנק, און די דעלעגאַטען זיינען ווי פריהער געבליבען צושפּאַלטען אויף מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס און אויף אַ טראָצקי פּאַרטיי, וועלכע איז באַשטאַנען פון טראָצקי'ן אליין. עס איז געווען אַ רעדע פון אַ נביא, פול פייער און רעוואָלוציאָנערער גלויבען, זי האָט אַפּעלירט, באַגייסטערט און ארויסגערופען באַוואונדערונג, אָבער זי האָט נים געענדערט די איבערצייגונגען. טראָצקי איז געווען דער נביא, אָבער די לעהרער זיינען געווען לענין פון איין זייט און פּלעכאַנאָוו און מאַרטאָוו פון דער אַנדערער זייט.

אָבער דערזועלביגער טראָצקי, וועלכער איז כמעט געווען אַ פּאַרטיי פאַר זיך אליין אָהן נאָכפאָלגער איז אין יאָהר 1905 געוואָרען איינער פון די פּראָמינענטעסטע פיגורען אין דער רוסישער רעוואָלוציע. טראָצקי איז ניט בלויז געווען דער פאָרזיצענדער פון דעם פּעטערבורגער סאָוועט נאָר די נשמה פון דעם סאָוועט.

טראָצקי ציינט זיך ארויס אין זיין גאַנצער גרויסקייט אין דעם מאָמענט פון דער רעוואָלוציע. אין דעם פלאַקער פון דער רעוואָליציע קען ער ארויסצייגען אלע זיינע פעהיגקייטען און באַגאַבונגען. די רעוואָלוציע איז די אַטמאָספערע אין וועלכער טראָצקי אָטעמט און לעבט זיין פולען לעבען. דאָס איז אַזוי געווען אין יאָהר 1905 און האָט זיך ווידערהאָלט אין יאָהר 1917, ווען די איצטיגע רעוואָלוציע האָט אין רוסלאַנד אויסגעבראָכען.

טראָצקי האָט זיך ווייניג אינטערעסירט מיט דער צייט פון פאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט ווייניג געהאַט צו זאָגען ווענען דער

טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין די אַזוי גערופענע נאָרמאַלע צייטען. זיין גאַנצען געדאַנק האָט ער קאָנצענטרירט אויף דער רעוואָלוציע, וועלכע דאַרף קומען. די צייט פון פאַר דער רעוואָלוציע דאַרף מען ווי עס איז אַריבערשטופען מיט פּאַרלאַמענ־טאַריזם, מיט מינימום פאָדערונגען, מיט סטרייקס, מאַסען־אַקציאָן א. ז. וו. אָבער דאָס אַלעס איז דאָך ניט וויכטיג, דער עיקר איז דאָך די רעוואָלוציע וועגען וועלכער מען דאַרף טראַכטען.

טראָצקי האָט זיינע אידעען און געדאַנקען צום גרעסטען געשעפּט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. מעהר ווי פאַר יעדען איינעם איז די רוסישע רעוואָלוציע פון יאָהר 1905 געווען פאַר טראָצקי׳ן אַ קוואַל פון געדאַנקען, אידעען און פאָרשטעלונגען.

טראָצקי איז ניט אַריינגעפאַלען אין אַ פאַרצווייפלונג פון דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אין. געגענטייל, זיין גלויבען אין אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז נאָך שטאַרקער געוואָרען, ער האָט זי געזעהן מיט זיינע אויגען און ער האָט אָנגעוויזען ווי אַזוי זי וועט פאָרקומען און ווי זי וועט דורכגעפיהרט ווערען.

טראָצקי׳ס הויפּט־אידעע איז אימער געווען די רעוואָלוציע — אַן אויפשטאַנד פון די פאָלקס־מאַסען אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט צו פאַרניכטען די רוסישע זעלבסטהערשאַפט און צו פאַרכאַפּען די מאַכט פאַר׳ן פאָלק. נאָר אויב אנפאַנגס איז עס טראָצקי׳ן אַליין נאָך ניט געווען קלאָר וואָס פאַר אַ רעגירונג אין רוסלאַנד קען איינגעפיהרט ווערען נאָך דער רעוואָלוציע, וועלכע וועט פאַרניכטען דעם צאַריזם, איז אָבער אין יאָהר 1905, אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע ביי איהם רייף געוואָרען די אידעע, אַז רוסלאַנד דאַרף פון דער צאַרישער הערשאַפט, פון דעם אַבסאָלוטיזם דירעקט איבערגעהן צום סאָציאַליזם. דער ציעל פון דער רוסישער רעוואָלוציע דאַרף זיין די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

טראָצקי האָט זיין געדאַנק ארגומענטירט אויף דעם פאָלגענ־דען אופן :

דער ארבייטער קלאַס איז די איינציגע רעוואָלוציאָנערע מאכט אין רוסלאַנד. די בורזשואַזיע אין רוסלאַנד איז שוואַך און נים ארגאַניזירט, און זי קען דאריבער נים ארויסווייזן קיין שטאַרקען ווידערשטאַנד. די פויערים, ווידער, זיינען פאָליטיש נים ענטוויקעלט. די איינציגע זאַך, וועגען וועלכער זיי טראַכטען, איז לאַנד. דער איינציגער קלאַס, אלזאָ, וואָס קען זיין דער פיהרער פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז דער ארבייטער־קלאַס. און אויב די רעוואָלוציע וועט זיין זיעגרייך, דאַן מוז אונפארמיידליך בלייבען די פאָליטישע מאכט אין די הענד פון דעם קלאַס, וועלכער האָט געשפיעלט די פיהרענדע ראָלע אין דעם קאמף, דאָס איז דער ארבייטער קלאַס. אָבער כדי דער ארבייטער־קלאַס זאָל קענען פארזיכערען די געוואונענע מאכט אין זיינע הענד, מוז ער זעהן אריבערצוקריגען אויף זיין זייט די מיליאָנען פויערים. דאָס קען געמאַכט ווערען, ווען דער רעגירענדער ארבייטער־קלאַס וועט אָנער־קענען דאָס רעכט פון די פויערים אויף דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבען פארכאַפט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און מיט דעם וואָס עס וועלען דורכגעפיהרט ווערען ראַדיקאַלע געזעצען וועגען דער פארטיילונג פון לאַנד צווישען די פויערים. דער ארבייטער־קלאַס וועט אויף אַזאַ אופן ערשיינען אין די אויגען פון די פויערים אַלס זייער באפרייער און ערלעזער. און ווען דער ארבייטער־קלאַס וועט האָבען פארכאַפט די מאכט אין זיינע הענד, דאַן איז ניטאָ קיין גרונד, אַז ער זאָל זי ארויסלאָזען פון זיינע הענד, כדי די בורזשואַזיע זאָל זי פארכאַפען. עס איז ניטאָ קיין גרונד, אַז דער פראָלעטאַריאַט, האָבענדיג די מאכט אין זיינע הענד זאָל העלפען גרינדען אַ פארלאמענטארישע רעגירונג אין רוסלאַנד, וואָס דאָס וואָלט מיינען איבערגעבען דער בורזשואַזיע די רעגירונג איבער׳ן פאָלק. אין דעם מאָמענט וואָס די פאָרשטעהער פון פראָלע־טאַריאַט, זאָגט טראָצקי, טרעטען אריין אין דער רעגירונג נים אַלס

מאכטלאָזע משכנות, נאָר אַלס פיהרענדע מאַכט, דאַן ווערט פון זיך פאַרשוואונדען דער אונטערשיעד צווישען דעם מינימום און מאַקסימום פּראָגראַם, און די איינפיהרונג פון קאָלעקטיוויזם (סאָציאַליזם) ווערט די פראַגע פון טאָג, ווייל פּאָליטישע איבער־מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט קען זיך ניט פאַרטראָגען מיט עקאָנאָמי־שער שקלאַפעריי פון פּראָלעטאַריאַט.

דער דירעקטער איבערגאַנג פון אַבסאָלוטיזם צום סאָציאַליזם, ווען דער ארבייטער־קלאַס וועט דורך די רעוואָלוציע פאַרכאַפּען די מאַכט — דאָס איז געווען די אידעע פאַר וועלכע לעאָן טראָצקי האָט אַגיטירט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען ער איז צו דער אידעע געקומען, ביז עס האָט אויסגעבראָכען די איצטיגע רוסישע רעוואָלוציע, ווען ער האָט זיך גענומען זיין אידעע דורכ־צופיהרען.

מיר זאָגען „אַגיטירט“, ווייל די הויפּט־גרויסקייט און הויפּט־שטאַרקייט פון טראָצקי׳ן איז אין זיינע אַגיטאַציאָנס־פעהיגקייטען. זיינע צוויי גרויסע באַגאַבונגען, זיין גלענצענדע טעמפּעראַמענט־פולע רעדנער קראַפט און זיין שאַרפער, קלאָרער און אַפּעלירענדער זשורנאַליסטישער סטיל, האָבען איהם געמאַכט פאַר איינעם פון די גרעסטע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרען אין רוסלאַנד. טראָצקי׳ס שרייבען שפּריצט מיט רעוואָלוציאָנערען פייער, און ווען ער שרייבט פאַר׳ן פאָלק איז זיין שפּראַך קורץ, קלאָר, שטאַרק און אַפּעלירענד. אַלס רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַטאָר האָט ער וועניג זיין גלייכען. ער האָט אין זיך דעם כח מיטצורייסען די מאַסען מיט זיך, זיי צו באַגייסטערען און אריינצוברייגגען אין עקסטאַז, זיין רעדנער קראַפט האָט פיעל מעהר מיטגעהאָלפען טראָצקי׳ן צו אָרגאַניזירען די רויטע גוואַרדיע אין רוסלאַנד, ווי זיינע אָרגאַניזאַציאָנס־פעהיג־קייטען.

אין דע׳ גאַנצער כאַראַקטער פון טראָצקין איז צוגעפּאַסט צו דער ראָלע פון אַן אַגיטאַטאָר ערשטען גראַד. זיין גראַדקייט, וואָס דערגעהט אָפּט ביז צו אויסערסטער איינזייטיגקייט, זיין גלויבען

אין דער רעוואָלוציאָן, וואָס דערגרייכט ביז צו פֿאַנאַטיזם, זיין אונקאָמפּראָמיסליכקייט, זיין רעוואָלוציאָנערער גייסט, זיין מוט און אונערשראָקענהייט — דאָס אַלעס צוזאַמען האָט געשאַפֿען דעם אייגענטימליכען, אינטערעסאַנטען גרויסען רעוואָלוציאָנערען אַגיטאַטאָר טראָצקי, וועלכער שפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָלע אין דעם רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר טראָצקי׳ן, דאָס דער אויסברוך פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע אין מערץ 1917 האָט ביי איהם ניט אַרויסגערופֿען קיין איבעררראַשונג. ער איז אַזוי זיכער געווען אין זיין גלויבען, אַז די רעוואָלוציע מוז אויסברעכען, אַז זי מוז אונפֿאַרמיידליך קומען, דאָס עס איז פֿאַר איהם ניט געווען קיין איבעררראַשונג, ווען זי איז געקומען. זיין איינציגער געדאַנק, ווען עס איז צו איהם געקומען די נייעס פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז געווען, וואָס שנעלער צו פֿאָהרען אין רוסלאַנד און העלפֿען איינפֿיהרען די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, וועגען וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געטרוימט. — איך פֿאָהר אין רוסלאַנד, האָט טראָצקי ערקלערט ביי זיין אָפּפֿאָהרען פֿון אַמעריקאַ, אַרויסצורייסען די רוסישע רעוואָלוציע פֿון די הענד פֿון די מיליוקאָווס, וועלכע האָבען זי פֿאַרכאַפּט, און איהר איבערגעבען אין די הענד פֿון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט די רעוואָלוציע געמאַכט. און טראָצקי האָט ווָאָרט געהאַלטען. ער האָט דעם קאַמף אָנגעפֿאַנגען, ווי זיינע פֿיס האָבען נאָר דעם באָדען פֿון רוסלאַנד באַטרעטען, און ער האָט געזיעגט. די רוסישע רעוואָלוציע איז אין די הענד פֿון דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט.

---

לעאָן טראָצקי, אָדער מיט זיין ריכטיגען נאָמען בראָנשטיין, איז נאָך אין די מיטעלע יאָהרען. ער איז ניט ווייט איבער פֿערציג. זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט האָט ער אָנגעפֿאַנגען, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער סטודענט אין דער אוניווערסיטעט פֿון אָדעס. זיין סטודענטישע רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט האָט

אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. אין יאָהר 1900 איז ער שוין גע־
זעסען אין דער אָדעסער פּאָליטישער טיורמע, וואו ער איז פאַר־
בליבען אַן ערך צוויי און אַ האַלב יאָהר און פון וואַנען מען האָט
איהם פארשיקט אין ווייטען, קאַלטען סיביר ביי דעם לענאַ טייך,
פון וואַנען ער איז אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַנטלאָפען געוואָרען.
די פּאָר יאָהר, וואָס טראָצקי איז געזעסען אין טיורמע, איז פאַר
איהם ניט פארלאָרען געגאַנגען. ער האָט די „רוהע צייט“, וואָס
די צאַרישע רעגירונג האָט איהם געגעבען, גוט אויסגענוצט צו
לערנען און צו שטודירען די סאָציאַלע און פּאָליטישע עקאָנאָמישע
וויסענשאפטען. זיצענדיג אין טיורמע האָט טראָצקי צייט געהאָט
צו שטודירען די טעאָריע פון סאָציאַליזם, און ער איז אַ פלייסיגער
סטודענט געווען. ווען טראָצקי איז אַנטלאָפען פון סיביר און איז
אַ ביסעל שפּעטער געקומען אין דער שווייץ האָט ער, ניט קוקענדיג
אויף דעם, וואָס ער איז נאָך גאַנץ יונג געווען, געצויגען אויף זיך
גרויס אויפמערקזאַמקייט אין די רוסישע סאָציאַליסטישע און רע־
וואָלוציאָנערע קרייזען. זיין ערשטע בראָשורע, וועלכע איז גע־
דרוקט געוואָרען אין זשענעוואַ אין יאָהר 1903 ווענען דעם צווייטען
רוסישען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען צוזאַמענפאָהר, וועלכער איז
אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין שטאָקהאָלם, וואו עס זיינען געשאַפען
געוואָרען די צוויי פראַקציעס מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס,
האָט טראָצקי׳ן אַוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייהען פון דער
רוסישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין דער שווייץ. זיין
בראָשורע איז פיעל געלעזען און דיסקוטירט געוואָרען. ער האָט
אין איהר געמאַכט אַ פּראָבע צו פאַראייניגען די צוויי טיילען פון
דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די מענשעוויקעס און די
באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען נאָך דאַן ניט אַוועק צו ווייט איינע
פון די אַנדערע. און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פּראָבע,
ווי די ווייטערדיגע טראָצקי׳ס פּראָבען אויף דעם געביעט, האָבען
ניט געהאַט קיין ערפאָלג, איז ער אָבער דאָך גאַנץ גיך געוואָרען
איינער פון די וואָרט־פיהרער אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָ־

קראַטיע, און עס האָט ניט לאַנג גענומען און דער נאָמען טראָצקי איז באַקאַנט געוואָרען אַלס איינער פון די טאַלאַנטפולסטע און באַדייטענדסטע רוסישע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטען.

טראָצקי'ס אַרטיקלען אין דער „איסקראַ" (די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג, וועלכע איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין דער שווייץ, אין וועלכער עס האָבען מיטגעאַרבייט פּלעכאַנאָוו, לענין, מאַרטאָוו, אַקסעלראָד, סטאַראָווער און פיעלע אַנדערע פון דער רוסישער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּראָמינענץ), האָבען זיך אימער אויסגעצייכענט מיט שאַרפקייט, בייסיגקייט און זשורנאַליסטישען טאַלאַנט. טראָצקי האָט געשריבען איבער פאַרשיעדענע פראַגען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, מייסטענס אָבער איבער דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. טראָצקי איז נאָך דאַן געוועזען צו יונג איהם אַריינצורעכענען צווישען די טעאָרעטיקער און טאַקטיקער פון דער רוסישע רסאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָבער זיינע אַרטיקלען זיינען געלעזען געוואָרען מיט גרויס אינטערעס, צוליעב דער לעבעדיגקייט און פרישקייט פון טראָצקי'ס סטיל און צוליעב דעם ענערגישען און רעוואָלוציאָנערען טאָן וואָס אין זיי האָט זיך געהערט. טראָצקי האָט אין זיך געהאַט אַ ים רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, און ער האָט עס געזוכט וואו אויסצוברענגען. ער האָט דעריבער געאַרבייט אויף אַלע געביעטען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער איז געוועזען אַן אַגיטאַטאָר, אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, אַ שרייבער, אַ רייזענדער אַגענט — ער האָט געטאָן אַלעס אין וואָס די באַוועגונג האָט זיך גענויטיגט.

דער שרייבער פון דיעזע צייליען האָט טראָצקי'ן באַגעגענט דאָס ערשטע מאָל אין 1903 אויף אַ רוסישער סטודענטען־פאַרזאַמלונג אין דער שווייץ, וואו טראָצקי האָט גערעדט, און מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט ער זיך מיט איהם געטראָפען אויף אַ רוסישער סטודענטען־פאַרזאַמלונג אין דייטשלאַנד, וואו טראָצקי איז געקומען האַלטען אַ רעפעראַט וועגען „בונד". אין [illegible]03 [illegible] טראָצקי־

געווען נאָך ווייניג באַקאַנט אין די רוסישע „קאָלאָניעס", ווי מען פלעגט דאַן רופען די פאַרזאַמלונגען פון רוסישע סטודענטען און פּאָליטישע עמיגראַנטען אין אויסלאַנד. אין 1904 איז ער שוין געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע רעוואָלוציאָנערען.

עס איז דאַן געווען די צייט, ווען דער קאַמף צווישען דער „איסקרא" און צווישען „בונד" איז געווען אין רעכטען ברען. דער קאַמף צווישען „איסקרא" און „בונד" האָט אין די רוסישע „קאָלאָניעס" אין דייטשלאַנד, אין דער שווייץ און בעלגיען, אין פּאַריז און אין וויען פאַרדעקט אפילו דעם קאַמף צווישען די מענשעוויקעס מיט די באָלשעוויקעס. עס איז געווען די צייט, ווען דער „בונד" האָט אָנגעפאַנגען צו געווינען גרויס איינפלוס אויף דער אידישער סטודענטישער יוגענד און אויף דער אידיש־רוסישער אינטעליגענץ אין אַלגעמיין. די רוסישע סטודענטען־„קאָלאָניעס" אין אויסלאַנד זיינען דאָ צום גרעסטען טייל באַשטאַנען פון אידען, און צווישען די בונדיסטישע גרופּעס און „איסקרא" גרופּעס איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקער קאַמף פאַר דעם איינפלוס צווישען דער סטודענטענשאַפט. עס דאַרף דערביי דערמאָנט ווערען, אַז אין יענער צייט איז דער „בונד" געשטאַנען אויסערהאַלב דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (דער „בונד" איז אַרויסגעטראָטען פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דעם זומער פון 1903 און איז אַריינגעטראָטען צוריק אין דער פּאַרטיי אין דעם זומער פון 1906).

טראָצקי האָט זיך מיט זיין גאַנצער היץ אַריינגעוואָרפען אין קאַמפּף קעגען „בונד". ער איז אָבער אויף דעם געביעט געווען ניט איבעריגס ערפאָלגרייך. ער האָט דעם „בונד" דאַן צו ווייניג געקענט, איז ניט געווען באַקאַנט מיט דער בונדיסטישער ליטעראַטור, וועלכע איז געווען הויפּטזעכליך אין אידיש, און ער איז אין אַלגעמיין געווען פרעמד פון אידישען לעבען און פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. ניט קוקענדיג אויף זיין גאַנצע אָראַטאָרישע קראַפט אין אַלגעמיינע טעאָרעטישע סאָציאַליסטישע פּאָרבע־

רײַטונג, פֿלעגט ער שװער האַלטען גרונד, װען עס פֿלעגען זיך אָנפֿאַנגען די דעבאַטען נאָך זײַנע רעפֿעראַטען, װעלכע ער האָט געהאַלטען װעגען „בונד“. די דעבאַטען נאָך טראָצקי'ס רעפֿעראַט װעגען „בונד“, װעלכען דער שרײַבער פֿון די צײַלען האָט בײַגע־װאױנט, האָבען אָנגעהאַלטען צװײ טעג, און דער עולם האָט גע־זאָגט, אַז דער זיעג איז גיכער געװען אױף דער זײַט פֿון בונדיס־טען, װי אױף טראָצקי'ס זײַט. עס שײַנט, אַז טראָצקי אַלײן האָט געפֿיהלט, אַז ער איז ניט גענוג שטאַרק באַװאָפֿענט געגען „בונד“, ניט זײַענדיג באַקאַנט מיט דער בונדיסטישער ליטעראַטור. ער האָט זיך דעריבער אָנגעפֿאַנגען לערנען לעזען אידיש, און עס האָט ניט לאַנג גענומען און ער האָט אָנגעפֿאַנגען צו לעזען די בונדיס־טישע ליטעראַטור אין אידיש. אָבער װען טראָצקי האָט נעקראָגען אַ בעסערע פֿאַרברײַטונג פֿאַר זײַן קאַמפֿף געגען „בונד“, האָט זיך אונטערגערוקט די רוסישע רעװאָלוציע פֿון 1905, און טראָצקי האָט געהאַט אַ װיכטיגערע אַרבײַט װי צו קעמפֿפֿען געגען „בונד“.

עס איז דערבײַ אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז אױסער צו דעם נאַציאָנאַלען פּראָגראַם פֿון „בונד“ איז טראָצקי צו דעם פּאָ־ליטישען פּראָגראַם און צו דער רעװאָלוציאָנערער טאַקטיק פֿון „בונד“ געשטאַנען זעהר נאָהענט. אין דער רעװאָלוציאָנערער טאַקטיק און אין די אַנזיכטען אױף דער ענטװיקלונג פֿון דער רו־סישער רעװאָלוציע איז טראָצקי מײַסטענס געשטאַנען נעהנטער צום „בונד“, װי צו די אַנדערע פּראַקציעס אין דער רוסישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער באַװעגונג.

װען עס האָט אױסגעבראָכען די ערשטע רעװאָלוציע אין רוס־לאַנד אין יאָהר 1905 איז טראָצקי גלײַך געװען אױף'ן קאַמפֿפֿס־פּלאַץ, און דורך זײַן טעטיגקײַט אין דעם פּעטערבורגער סאָװעט, אָנפֿאַנגס אַלס אַ מיטגליעד פֿון דער עקזעקוטיװע און נאָכדעם אַלס פֿאָרזיצענדער פֿון סאָװעט, איז טראָצקי געװאָרען אַ נאַציאָנאַלע פֿיגור, אײנער פֿון די הױפּט־פֿיהרער פֿון דער רוסישער רעװאָלוציע און דער פּאָפּולערסטער צװישען אַלע. דער פּעטערבורגער סאָװעט

האָט דאָן עקזיסטירט בלויז 50 טעג, אָבער פאַר טראָצקי'ן איז ער געווען די העכסטע רעוואָלוציאָנערע שול, וואו ער האָט באַקומען זיין פאָלשטענדיגע רעוואָלוציאָנערע רייפקייט און וואו עס האָבען זיך ביי איהם אויסגעאַרבייט פעסטגעשטעלטע אידעען און מיינונגען וועגען דער אויפגאַבע פון דעם רוסישען רעוואָלוציאָנערען פראָלעטאַריאַט און פון דער רעוואָלוציאָנערער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף דורכגעפיהרט ווערען אין רוסלאַנד, און וועלכע ער פיהרט איצט דורך אין רוסלאַנד אין דער פּראַקטיק.

ווען די רוסישע רעאַקציע האָט זיך צונויפגענומען מיט די כחות און די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע איז אונטערדריקט געוואָרען, איז טראָצקי מיט די איבעריגע מיטגליעדער פון פעטערבורגער סאָוועט אַרעסטירט געוואָרען און אָפּזיצענדיג אַ יאָהר צייט אין געפענגנים איז טראָצקי פאַר'משפט געוואָרען פאַרשיקט צו ווערען אויף זיין גאַנצען לעבען אין סיביר, און דעם 3טען יאַנואַר 1907 איז ער אונטער אַ העכסט שטרענגער וואַך אַרויסגעשיקט געוואָרען אין דעם ווייטען קאַלטען צפון פון סיביר, אין דעם פאַרוואָרפענעם נעגענד אָבדאָרסק, וואו ער איז פאַר'משפט געוואָרען צו ענדיגען זיין לעבען. טראָצקי'ן איז אָבער געלונגען צו אַנטלויפען פון מיטען וועג. איידער ער איז נאָך אָנגעקומען אין דעם ווייטען פאַרשיקונגס־פּלאַץ, וועלכען מען האָט פאַר איהם באַשטימט. דאָס איז געווען אַ העכסט געוואַגטער און ריזיקאַ־לישער שריט, אָבער דער אונערשראָקענער טראָצקי האָט איהם דורכגעפיהרט. ער איז געפאָהרען אין די פאַרשנעעטע וויסטענישען פון סיביר אין אַ שליטען פון אַ סיבירישען אָסטיאַק געשפּאַנט מיט סיבירישע הירשען אַן ערך 800 וויאָרסט, און אונטערוואַרפענדיג זיך פאַרשיעדענע געפאַהרען איז ער אין אַנפאַנג פריה־לינג פון דעמזעלבען יאָהר אַריבער די רוסישע גרענעץ און איז ווידער געווען פריי. די דאָזיגע געפעהרליכע רייזע זייגע האָט טראָצקי באַשריבען אין אַ באַזונדער ביכעל.

אַנקומענדיג אין אויסלאַנד האָט טראָצקי זיך באַזעצט אין וויען, וואו ער איז פאַרבליבען ביז די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. ווען מלחמה איז ערקלערט געוואָרען האָט טראָצקי, אַלס רוסישע אונטערטאַן און „פיינר" פון עסטרייך געמוזט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער פאַרלאָזען וויען. ער איז מיט זיין פאַמיליע אַוועקגעפאָהרען אין ציריך, שווייץ, און האָט זיך דאָרטען באַזעצט. זייענדיג אין דער שווייץ האָט ער אָנגעשריבען אַ ביכעל „די מלחמה און דער אינטערנאַציאָנאַליזם", אין וועלכען ער קריטיקירט זעהר שאַרף די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווארום זי האָט געשטימט פאַר דעם קריעגס־בודזשעט, און ער ווענדעט זיך צו די דייטשע ארבייטער מיט אַ שטאַרקען אויפרוף, אַז זיי זאָלען פאַרדאַמען די מלחמה און ניט פאַרראַטען דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. דאָס ביכעל איז פון דער שווייץ אריינגעשמוגעלט געוואָרען אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך מיט דער הילף פון די שווייצארישע סאָציאַליסטען און איז פארשפרייט געוואָרען צווישען די ארבייטער. פאַר דער דאָזיגער עברה האָט אַ דייטשער געריכט פאַר'משפט טראָצקי'ן אונטער די אויגען צו אַ לאַנגען טערמין געפענגניס. די פאַראורטיילונג איז אָבער בלויז געווען אַ „טעאָרעטישע", ווייל טראָצקי איז געווען אין דער שווייץ, וואו דער דייטשער געפענגניס־אורטייל האָט איהם ניט געקענט גרייכען.

פון ציריך איז טראָצקי אַוועקגעפאָהרען אין פאַריז, וואו ער האָט געהאָלפען רעדאַגירען אַ רוסישע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט איהם אָבער באַלד אויסגעוויזען פון פאַריז און האָט איהם געהייסען פאַרלאָזען פראַנקרייך. ער איז געפאָהרען אין שפּאַניען, אָבער די שפּאַנישע רעגירונג האָט איהם ניט ערלויבט זיך צו באַזעצען ביי איהר אין לאַנד. טראָצקי האָט דאַן באַשלאָסען צו פאָהרען אין אמעריקא, וואו ער האָט פארבראַכט עטליכע מאָנאַטען און פון וואַנען ער איז אָנפאַנג זומער 1917, נאָכדעם ווי די רוסישע רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען, אַוועקגעפאָהרען אין רוסלאַנד, מיט

דער אויפגאַבע צו העלפען ברענגען די אמת'ע פּראָלעטארישע רע־וואָלוציע, וועלכע זאָל פיהרען דעם פּראָלעטאריאט צום פאָלשטענ־דיגען זיעג און צו פאָלשטענדיגער מאַכט.

און טראָצקי האָט זיין אויפגאַבע ערפילט.

ניו יאָרק, יוני, 1919.

## אַנמערקונג :

„דער פּראָלעטאַריאַט און די רעוואָלוציאָן" — איז ערשינען אַרום אָנפאַנג פון 1904, כמעט אַ יאָהר נאָך דעם, ווי ס'האָט אויסגעבראָכען די רוסיש-יאַפּאַנעזישע מלחמה. דאָס איז געווען אַ קריטישער יאָהר פאַר די אויטאָקראַטישע הערשער פון רוסלאַנד. דאָס יאָהר האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציעס און האָט זיך געענדיגט מיט אַ רייהע נידערלאַגעס אויף די שלאַכט-פעלדער און מיט אַ אויפלעבונג פון פּאָליטישע טעטיגקייט אין די בורזשואַזיע ליבעראַלע קרייזען. די זעמסטוואָס (ליבעראַלע קערפּערשאַפטען, וואָס פלעגען ערוועהלט ווערען פון דער ערטיגער באַפעלקערונג צו האָבען אויפזיכט איבער לאָקאַלע אַנגעלעגענהייטען) האָבען אָנגעפיהרט אַ לעבעדיגע פּאָליטישע טעטיגקייט פאַר אַ קאָנסטיטוציאָנעלע פאַרפאַסונג. אַנדערע ליבעראַלע גרופּען, אָרגאַניזאַציעס פון פּראָפעסיאָנעלע פּערזאָנען (דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, אינזשענירען, זשורנאַליסטען, א. ד. גל) האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער באַוועגונג. (ווען טראָצקי רעדט דאָ וועגען די „דעמאָקראַטען" און „דעמאָקראַטישע עלעמענטען", מיינט ער די ליבעראַלע גרופּען און אָרגאַניזאַציעס). די ליבעראַלע פיהרער האָבען פאַררופען אַן אָפענעם קאָנגרעס אין פּעטערבורג אויף דעם 6טען נאָוועמבער און געפאָדערט פּאָליטישע פרייהייט און אַ קאָנסטיטוציע. די „דעמאָקראַטישע עלעמענטען" האָבען אונטער'ן שלייער פון פּריוואַטע באַנקעטען אָרגאַניזירט דאָ און דאָרט אַן עפענטליכען צוזאַמענקונפט, וואָס האָט געטראָגען אַ פּאָליטישען כאַראַקטער. די ליבעראַלע פּרעסע האָט מיט מעהר מוט אָנגעפאַנגען אַטאַקירען די רעגירונג, וועלכע האָט כמעט פאַרשוויגען די גאַנצע באַוועגונג. פּרינץ סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי, דער אינערן מיניסטער, וועלכער האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון פאָן-פּלעווע, דעם רעאַקציאָנערען דיקטאַטאָר, וועלכער איז ערמאָרדעט געוואָרען פון אַ רעוואָלוציאָנער אין מאָנאַט יולי 1904, האָט פאַרשפּראָכען „פריינדליכע באַציהונגען" צווישען דער רעגירונג און דער געזעלשאַפט. אויף דער פּאָליטישער שפּראַך איז דער פּעריאָד, וועלכער האָט געדויערט פון אויגוסט ביז ענדע יאָהר, באַקאַנט אונטער'ן נאָמען — די „פריהלינגס-צייט".

דאָס איז געווען אַ הערליכע צייט, פול מיט פּאָליטישע האָפנונגען און ערוואַרטונגען. אָבער, מאָמענט, דער אַרבייטער-קלאַס האָט געשוויגען.

דער ארבייטער־קלאַס האָט אַרויסגעצייגט א שטאַרקע אונצופרידענהייט
אין 1902 און הויפּטזעכליך אין זומער פון 1903, ווען צעהנדליגע טוי־
זענדע זיינען אין פארשידענע ערטער, באַזונדער אין מערב און אין זיד־
רוסלאנד, אַרויס אין אַ פּאָליטישען סטרייק. דאָך, זיינען אין פּאַרלויף
פון גאנצען יאָהר 1904 ניט געווען קיין מאַסען־אַרויסטרעטונגען פון
אַרבייטער. דאָס האָט פיעלע ליבעראַלען געגעבען אַ געלעגענהייט צו
שפּאָסען זיך איבער די פארטרעטער פון די רעוואָלוציאָנערע פארטייען,
וועלכע האָבען געבויט זייער גאנצע טאַקטיק אויף דער ערווארטונג פון א
נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע.

צו ענטפערען די סקעפּטיקער און צו ערמוטיגען די אַקטיווע מיט־
גליעדער פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פארטיי האָט טראָצקי אָנגע־
שריבען דאָס אַרטיקעל. אַבוואָהל ער האָט געוואָהנט אין אוילסאנד, האָט
טראָצקי דאָך שאַרק געפיהלט דעם פּולס פון די מאַסען, זייער איינגע־
צוימטע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע", וועלכע האָט געזוכט זיך דורכצוברע־
כען אַ וועג. אַלעס וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אין פאַרלויף פון א
נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע איזווירקליך געשעהן אין יאָהר 1905.

טראָצקי'ס גלויבען אין דער רעוואָלוציאָנערע איניציאַטיווע פון דעם
אַרבייטער־קלאַס ווערט דאָ אויסגעדריקט אויף דעם קלאָרסטען און שענ־
סטען אופן.

# דער פראָלעטאַריאַט און די רעוואָלוציאָן.

דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף ניט בלויז אָנפירערן אַ רעוואָלו־ציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ. דער פּראָלעטאַריאַט אַליין דאַרף פירערן צו אַ רעוואָלוציאָן.

צו פירערן צו אַ רעוואָלוציאָן מיינט ניט דורכאויס צו באַ־שטימען אַ טאָג פאַר אַן אויפשטאַנד אָדער מאַכען פאָרבערייטונגען פאַר אַזאַ טאָג. מען קען קיין מאָל ניט באַשטימען אַ טאָג און אַ שטונדע פאַר אַ רעוואָלוציאָן. דאָס פאָלק האָט קיין מאָל ניט געמאַכט קיין רעוואָלוציאָן דורך באַפעהל.

וואָס קען געטאָן ווערען, — נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט די אָנקומענדע געפאַהר, — אויסצוקלייבען אַ העכסט פּאַסענדע פּאָ־זיציע, צו באַוואַפנען און באַגייסטערען די מאַסען מיט אַ רעוואָ־לוציאָנערען לאָזונג, צו פירערן איינצייטיג דעם גאַנצען רעזערוו סאָלדאַטען אין שלאַכטפעלד, צו מאַכען זיי פּראַקטיצירען אין דער קונסט פון קאַמפּף, צו האַלטען זיי גרייט אונטער געווערה און צו געבען אַ ידיעה איבער דער גאַנצער ליניע וועגען דער געפאַהר. ווען די צייט איז געקומען.

מיינט דאָס בלויז אַ רייהע פון איבונגען און ניט אַן ענטשיע־דענער קאַמפּף מיט דעם שונא'ס קרעפטען? מיינט דאָס בלויז מאַנעווערען און ניט אַ גאַסען־רעוואָלוציאָן?

יאַ, דאָס מיינט בלויז מאַנעווערען. עס איז פונדעסטוועגען יאָ אַן אונטערשיעד צווישען רעוואָלוציאָנערע און מיליטערישע מאַ־נעווערען. אונזערע פּאָרבאַרייטונגען קענען צו יעדער צייט פאַר־וואַנדעלט ווערען, — און זאָגאַר אונאָפּהענגיג פון אונזער ווילען, — אין אַן אמת'ער שלאַכט וואָס זאָל ענטשיידען די רעוואָלוציאָנערע

מלחמה וואָס שלעפּט זיך אַזוי לאַנג. ניט בלויז קען דאָס זיין, נאָר עס מוז זיין. דאָס איז געזיכערט דורך דער שאַרפקייט פון דער איצטיגער פּאָליטישער לאַגע, וועלכע האַלט אין איהר טיעפקייט אַן אונגעהויערע מאָס פון רעוואָלוציאָנערען אויפרייסונגס־מאַטעריאַל.

ווען די צייט פון איינפאַכע מאַנעווערען קען פאַר־וואַנדעלט ווערען אין אַן אמת׳ער שלאַכט, איז אָפּהענגיג פון דער רעוואָלוציאָנערער שטאַרקייט פון די מאַסען, פון דער אומגעבונג און פון דער סימפּאַטיע וואָס רינגעלט זיי אַרום און פון דער באַציהונג פון די סאָלדאַטען וואָס די רעגיערונג שיקט אַרויס געגען דעם פאָלק.

די דריי עלעמענטען פון אַן ערפאָלג מוזען ענטשיידען אונזער פאָרבאַרייטונגס־אַרבייט. עס עקזיסטירען רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע מאַסען. מיר דאַרפען זיין אימשטאַנד צו רופען זיי אין די גאַסען, צו אַ באַשטימטער צייט, איבער׳ן גאַנצען לאַנד; מיר דאַרפען זיין אימשטאַנד צו פאַראייניגען זיי פאַר אַן אַלגעמיינעם לאָזונג.

אַלע קלאַסען און גרופּען פון דעם פאָלק זיינען אַרומגענומען מיט אַ טיעפען האַס צו אַבסאָלוטיזם, און דאָס מיינט מיט סימפּאַטיע פאַר דעם פרייהייטס־קאַמפּף. מיר דאַרפען זיין אימשטאַנד צו קאָנצענטרירען די סימפּאַטיע אַרום פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ רעוואָלוציאָנערע מאַכט, ווייל נאָר דער פּראָלעטאַריאַט אַליין קען זיין דער אוואַנגאַרד פון דעם פאָלק אין זייער קאַמפּף צו ראַטעווען די צוקונפט פון רוסלאַנד. וואָס אַנבאַלאַנגט די שטימונג פון דער אַרמעע איז זי קוים צום האַרצען דער רעגיערונג און די רעגיערונג קען אויף איהר קיין גרויסע האָפנונג ניט בויען. אין די לעצטע עטליכע יאָהר זיינען געווען אַ סך סמנים פון געפאַהר; די אַרמעע איז בייז, די אַרמעע בורטשעט, עס פיהלט זיך אַ שטאַרקע אונצופרידענהייט אין דער אַרמעע. מיר דאַרפען טאָן אַלעס אין אונזערע קרעפטען צו מאַכען די אַרמעע אָפּגעזונדערט פון דעם אַב־

סאָלוטיזם, ווען עס וועט קומען די ענטשיידענע צייט פאַר די מאַסען צו מאַכען אַן אָנפאַל.

לאָמיר צוערשט באַטראַכטען די לעצטע צוויי אומשטענדען, וועלכע באַשטימען דעם גאַנג און דעם רעזולטאַט פון דעם וואַהל־קאַמפּף.

מיר האָבען גאָר וואָס דורכגעלעבט דעם פעריאָד פון „פּאָליטישער באַנייאונג" וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אונטער דעם ליאַרם פון טרומפּייטען און געענדיגט מיט דער צייט פון סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי'ס רעגיערונג, וועלכע האָט געשאַפען אַ האַס צום אַבסאָלוטיזם און אויפגערעגט די דענקענדע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפט צו דער העכסטער מדרגה. די קומענדע טעג וועלען שניידען די פרוכט פון די פאַרזעהטע פּאָפּולערע האָפנונגען און פון די פאַרשפּרעכונגען וואָס די רעגיערונג האָט ניט ערפילט. דער אינטערעס אין פּאָליטיק האָט לעצטענס אָנגענומען אַ מעהר באַשטימטע פאָרמע; אונצופריעדענהייט איז טיעפער איינגעפלאַנצט געוואָרען און שטיצט זיך אויף אַ מעהר אויסגעשפּראָכענעם טעאָרעטישען באָדען. דאָס פּאָפּולערע דענקען, וואָס איז געסטערן געווען העכסט פּרימיטיוו, נעהמט זיך יעצט דורשטיג פאַר דער אַרבייט פון פּאָליטישע אונטערזוכונגען. מען האָט זיך שנעל גענומען אויסגראָבען די הויפּט־אורזאַכען פון וואַנען עס שטאַמט יעדער וואָרצעל פון שלעכטס, יעדע ווילקירליכע מאַכט. רעוואָלוציאָנערע שלאַג־ווערטער שרעקען מעהר ניט דאָס פאָלק; פאַרקעהרט, זיי רופען אַרויס אַ טויזענדפאַכען אָפּקלאַנג און ווערען פאַרשפּרייט אַלס פאָלקס־ווערטער. דאָס אַלגעמיינע באַוואוסטזיין כאַפּט אויף יעדען וואָרט פון אָפּלייקענונג, פאַרדאַמונג אָדער שעלטען, געריכטעט געגען אַבסאָלוטיזם, ווי אַ שוואָם זאַפּט אין זיך איין וואַסער. קיין שריט פון דער רעגיערונג בלייבט ניט אונבאַשטראָפט. יעדער טעות איהרער ווערט ערנסט באַטראַכט. איהרע פאָרטשריטע ווערען אויסגעלאַכט, איהר סטראַשען פאַרפלאַנצט האַס. די ברייטע מאַשינערי פון דער ליבעראַלער פּרעסע פאַרשפּרייט יעדען טאָג טויז־

זענדער פאַקטען, וואָס ערוועקען, צורייצען, צופלאַמען די ליידענ־שאַפטען.

די פאַרשפּאַרטע געפיהלען זוכען אַן אויסוועג. געדאַנקען שטרעבען פאַרוואַנדעלט צו ווערען אין טאַטען. די שרייענדע ליבע־ראַלע פרעסע, אַבוואָהל זי העלפט פאַרשפּרייטען אונצופריעדענהייט, זוכט זי אָבער צו יאָגען דעם שטראָם אין אַ שמאָלען קאַנאַל; צו פאַרשפּרייטען אַן אַבערגלויבליכען געפיהל פאַר די „געזעלשאַפט־ליכע מיינונג", פאַר די הילפלאָזע אונאָרגאַניזירטע „געזעלשאַפט־ליכע מיינונג", וועלכע קען ניט פאַרוואַנדעלט ווערען אין טאַטען; זי פאַרדאַמט די רעוואָלוציאָנערע מעטאָדע אין דעם קאַמפף פאַר נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיגונג; זי אונטערשטיצט דעם געדאַנק וועגען געזעצליכקייט; זי קאָנצענטרירט די גאַנצע אויפמערקזאַמ־קייט און אַלע האָפנונגען פון די פאַרביטערטע גרופען אַרום דעם וואַהל־קאַמפף פון דער זעמסטוואָ, צוגרייטענדיג אויף אַזאַ אופן סיסטעמאַטיש אַ גרויסע שטערונג צו דער אַלגעמיינער באַוועגונג. די שאַרפע אונצופריעדענהייט, ניט געפינענדיג קיין אויסוועג, ענט־מוטיגט פון דעם אונפאַרמיידליכען דורכפאַל פון דעם לעגאַלען וואַהל־קאַמפף פון דער זעמסטוואָ, וועלכע האָט ניט קיין טראַ־דיציעס פון אַ רעוואָלוציאָנערען קאַמפף אין דער פאַרגאַנגענהייט און קיין קלאָרע אויסזיכטען אין דער צוקונפט, מוז דאַרום געפינען אַן אויסדרוק אין פאַרצווייפעלטען טעראָריזם, לאָזענדיג די ראַדי־קאַלע אינטעליגענץ אין דער ראָלע פון הילפלאָזע, פאַסיווע און „סימפּאַטיזירענדע" באַאָבאַכטער; לאָזענדיג די ליבעראַלען זיך וואַרגען מיט דער פּלאַטאָנישער באַגייסטערונג ווען זיי צייגען אַרוים אַ צווייפעלהאַפטע הילף.

דאָס האָט ניט געדאַרפט פּאַסירען. מיר דאַרפען אויסנוצען דעם שטראָם פון אַלגעמיינע אויפרעגונג; מיר דאַרפען ווענדען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די פיעל אונצופרידענע געזעל־שאַפטליכע גרופען אויף איין גרויסער אונטערנעמונג, געפיהרט

פון דעם פראלעטאריאט, — אויף דער **נ א צ י א נ א ל ע ר ר ע װ א ל ו צ י א ן.**

דער אוואנגארד פון דער רעוואלוציאן דארף אויפוועקן פון דרעמעל אלע אנדערע עלעמענטען פון פאלק; ער דארף זיך באוויזען דא, דארט און איבעראל; ער דארף ארויסשטעלען די פראגען פון פאליטישען קאמפף אין דער דרייסטער פארמע; ער דארף רופען צו באשטראפען די היפאקריטישע דעמאקראטיע און ארונטערצורייסען פון איהר די מאסקע; ער דארף מאכען אז די דעמאקראטען און די זעמסטווא ליבעראלען זאלען קעמפען איינער געגען דעם צווייטען; ער דארף אבער און ווידער וועקען, רופען, באשטראפען און פאדערען א קלארען ענטפער אויף דער פראגע: „וואס וועט איהר טאן נים צו ערלויבען זיך צו־ריקצוציהען“? ; ער דארף צווינגען די געזעצליכע ליבעראלען, אז זיי זאלען מודה זיין וועגען זייער שוואכקיים; ער מוז אפ־זינדערין פון זיי די דעמאקראטישע עלעמענטען און העלפען פיהרען די לעצטע אויף דעם וועג פון דער רעוואלוציאן. צו טאן די אר־בייט מיינט צו ציהען די פעדים פון סימפאטיע פון יעדער דעמא־קראטישער אפאזיציע צו דעם רעוואלוציאנערען וואהל־קאמף פון דעם פראלעטאריאט.

מיר דארפען טאן אלעם אין אונזערע קרעפטען צו געווינען די סימפאטיע פון דער ארימער ניט־פראלעטארישער שטאדטישער באפעלקערונג. אין פארלויף פון די לעצטע מאסען ארויסטרעטונ־גען פון דעם פראלעטאריאט, פונקט ווי אין דעם אלגעמיינעם סטרייק פון 1903 אין דרום רוסלאנד, איז קיין זאך אין דעם הינ־זיכט ניט געטאן געווארען, — דאס איז געוועזן דער שוואכסטער פונקט פון דער פארבערייטונגס ארבייט. לויט ווי די קארעס־פאנדענטען פון די צייטונגען געבען איבער, זיינען צווישען דער באפעלקערונג אפט פארשפרייט געווארען וואונדערבארסטע קלאנ־גען וועגען די אבזיכטען פון די סטרייקער. די שטאדטישע בא־פעלקערונג האט ערווארטעט אז מען וועט אטאקירען זייערע הייזער,

די געשעפטסלייטע האָבען מורא געהאט אז מען וועט זיי ראבירען, די אידען האָבען זיך געשראָקען פאר פּאָגראָמען. דאָס מוז מען פארמיידען. א פּאָליטישער סטרייק, פּונקט ווי א באזונדערער קאמף פון דעם שטאָדטישען פּראָלעטאריאט מיט דער פּאָליציי און דער ארמעע, האָט אויס־זיכטען אויף א דורכפאַל, אויב די איבריגע באפעלקערונג בלייבט פיינד־ליך אָדער זאָגאר גלייכגילטיג צו דער געשעהעניש...

די גלייכגילטיגקייט פון דער באפעלקערונג וועט הויפטזעכליך האָבען א מאָראלען איינפלוס אויף דעם פּראָלעטאריאט אליין און נאכהער אויך אויף דער באציהונג פון די סאָלדאטען. אונטער אזעלכע אומשטענדען מוז די שטעלונג פון דער רעגירונג זיין מעהר ענטשלאָסען, די גענעראלען וועלען דערמאָנען די אָפיצי־רען, און די אָפיצירען וועלען איבערגעבען צו די סאָלדאטען די ווערטער פון גענעראל דראגאמיראָף *): „ביקסען זיינען געגעבען געוואָרען צום שיסען, און קיינעם וועט ניט ערלויבט ווערען צו שיסען אזוי אז פּאטראָנעם זאָלען פארלוירען געהן“.

א פּאָליטישער סטרייק פון דעם פּראָלעטאריאט מוז פארוואנדעלט ווערען אין א פּאָליטישער דעמאָנ־סטראציע פון דער באפעלקערונג, — דאָס איז די ערשטע זאך וואָס איז נויטיג פאר אן ערפאָלג.

די צווייטע זאך וואָס איז נויטיג, איז — די שטימונג פון דער ארמעע. אן אונצופרידענהייט צווישען די סאָלדאטען, אן אונבא־שטימטע סימפּאטיע פאר די „רעוואָלטירען“ איז א וויכטיגער

---

*) דראגאמיראָף איז צו יענער צייט געווען דער קאָמאַנדיר פון קיעווער גארניזאָן.

פאקט. בלויז א טייל פון דער סימפּאַטיע קאָן מיט רעכט צוגע־שריבען ווערען צו אונזער דירעקטע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די סאָלדאַטען. די הויפּט ארבייט ווערט פארווירקליכט אין דעם פּראַקטישען צוזאַמענשטויס צווישען טיילען פון דער ארמיי און פּראָטעסטירענדע מאַסען. בלויז א האָפנונגסלאָזער אידיאָט און א נידריגער אויסוואורף קאָן האָבען די העזה צו שיסען אויף לע־בעדיגע מענשען, ווי אין שיס־ברעטער. די גרויסע מעהרהייט פון די סאָלדאַטען ענטזאַגט זיך פון פארנעמען דעם פּלאַץ פון א תליון ; דאָס ווערט איינשטימיג צוגעגעבען פון אַלע צייטונגס־קאָרעספּאָנ־רענטען, וועלכע באַשרייבען די שלאַכטען פון דער ארמעע מיט אַן אונבאַוואָפענטער באַפעלקערונג. דער דורכשניטליכער סאָלדאַט ציעלט זיך צו שיסען איבער די קעפּ פון דער מאַסע. עס וואָלט געווען אוננאַטירליך אויב די מעהרהייט וואָלט געהאנדעלט אנ־דערש. ווען די באַסאַראַביער רעגימענטען האָבען געקראָגען א באַפעהל איינצושטילען דעם קיעוו'ער אַלגעמיינעם סטרייק, האָט דער קאָמאנדיר ערקלערט, אַז ער קאָן ניט גאַראַנטירען ווי זיינע סאָלדאַטען וועלען זיך דערצו באַציהען. דער באַפעהל איז דאַ־מאלס געשיקט געוואָרען צו דעם חערסאָנער רעגימענט, אָבער ס'איז אפילו ניט געווען קיין העלפט סאָלדאַטען אין דעם רעגימענט וואס זאלען וועלען אויספילען דעם באַפעהל פון זייערע אָפיצירען.

קיעוו איז קיין אויסנאַם ניט געווען. דער צושטאַנד פון דער ארמעע דארף יעצט זיין פיעל גינסטיגער פאר דער רעוואָלו־ציאָן ווי אין 1903. מיר זיינען דורכגעגאַנגען א יאָהר פון מלחמה. עס איז קוים מעגליך אָפּצומעסטען דעם איינפלוס וואָס דער פאר־גאַנגענער יאָהר האָט געהאַט אויף די געדאַנקען פון דער ארמעע. דער איינפלוס דארף זיין אונגעהויער. די מלחמה ציהט ניט בלויז די אויפמערקזאַמקייט פון דעם פאָלק, נאָר זי ערוועקט אויך דעם אינטערעס פון דער ארמעע. אונזערע שיפען זיינען לאַנג־זאַם, אונזערע ביקסען שיסען ניט ווייט, אונזערע סאָלדאַטען זיינען ניט געבילדעט, אונזערע אונטער־אָפיצירען, אויף'ן ים און אויף דער

יבשה, האָבען ניט קיין קאָמפּאַס (מאַגנעטישער וועג־ווייזער אויפ׳ן ים), אָדער לאַנד־קאַרטע, אונזערע סאָלדאַטען זיינען באָרפוס, הונגעריג און דורכגעפרוירען, אין אונזער „רויטען קרייץ״ האַלט מען אין איין גנב׳ענען, אונזער קאָמיסאַריאַט גנב׳עט, — קלאַנגען און פאַקטען וועגען דעם ווערען פאַרשפּרייט אין דער אַרמעע און ווערען דאָרט נייגעריג אויפגעכאַפּט. יעדער קלאַנג, ווי אַ שטאַרקער זויער־שטאָף, עסט אויס דעם זשאַווער פון דעם מענשליכען געדאַנק. מען קאָן קוים פאַרגלייכען יאָהרען פון פרידליכע פּראָפּאַגאַנדאַ מיט די רעזולטאַטען וואָס עס ברענגט איין טאָג פון מלחמה. בלויז די מאַשינעריע פון דיסציפּלין בלייבט, אָבער עס ווערט צו־שמעטערט די איבערצייגונג אַז ס׳איז רעכט אויסצופילען באַפעה־לען, עס ווערט צושמעטערט דער גלויבען אַז די יעצטיגע אומשטענ־דען קאָנען פאַרטגעזעצט ווערען. וואָס ווענינער גלויבען די אַרמעע האָט אין אַבסאָלוטיזם, אַלץ מעהר גלויבען האָט זי אין דעם שונא.

מיר דאַרפען אויסנוצען די סיטואַציע. מיר דאַרפען ער־קלערען די סאָלדאַטען די מיינונג פון די אַרבייטער אַרויסטרעטונ־גען, וועלכע ווערען צוגעגרייט פון דער פּאַרטיי. מיר דאַרפען זיך באַנוצען מיט דעם לאָזונג וואָס קאָן פאַראייניגען די אַרמעע מיט דעם רעוואָלוציאָנערען פאָלק, — „נידער מיט דער מלחמה!״ מיר דאַרפען שאַפען אַ סיטואַציע, וואו די אָפיצירען זאָלען ניט זיין אימשטאַנד צו אנפאַרטרויען זייערע סאָלדאַטען אין דעם קריטי־שען מאָמענט. דאָס וואָלט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף דער באַצי־הונג פון די אָפיצירען אליין.

דאָס איבעריגע וועט שוין געטאָן ווערען אין די גאַסען. די שטראָלען פון באַגייסטערונג אין דער קאַזאַרמע וועלען פאַרנאַנדער־געבלאָזען ווערען אין אַ רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם פון פאָלק.

די רעוואָלוציאָנערע מאַסען פאַרבלייבען דאָך די הויפּט ער־שיינונג. ס׳איז אמת, אַז אין פאַרלויף פון דער מלחמה האָבען די העכסט פאָרטגעשריטענע עלעמענטען פון די מאַסען, דער דענקענ־

דער פּראָלעטאַריאַט, ניט אַרויסגעטראָטען עפענטליך מיט גענוג ענטשלאָסענהייט, ווי עס האָט געפאָדערט דער קריטישער, היס־טאָרישער מאָמענט. צו ציהען אָבער פון דעם פאַקט פעסימיס־טישע שליסע, וואָלט געהייסען ניט האָבען קיין פּאָליטישען חוש און באַטראַכטען זאַכען זעהר אָבערפלעכליך.

די מלחמה איז געפאַלען אויף די אַקסלען פון דעם געזעל־שאַפטליכען לעבען מיט איהר גאַנצער משא. די שרעקליכע קריעגס־בריאה, אַטעמענדיג בלוט און פייער, האָט זיך פאַרשפּרייט איבער'ן פּאָליטישען הימעל, פאַרדעקענדיג אַלעס, איינדריקענדיג איהרע שטאָהלענע נעגעל אין דעם קערפּער פון פּאָלק, מאַכענדיג דאָרט וואונדען נאָך וואונדען, פאַראורזאַכענדיג שמערצליכען פּיין, וואָס מאַכען אויף א מאָמענט זאָגאַר אונמעגליך צו פרעגען וועגען די אורזאַכען פון די שמערצען פון דעם פּיין. די מלחמה, — ווי יעדער גרויסער אומגליק, ברענגט מיט זיך קריזיס, אַרבייטסלאָזיג־קייט, אויפרעגונג, הונגער און טויט, — האָט ערשטוינט דאָס פּאָלק, געבראַכט פאַרצווייפלונג, אָבער ניט אַרויסגערופען קיין פּראָ־טעסט. דאָס איז אָבער בלויז אַן אַנפאַנג. די רויהע פּאָלקס־מאַסען, די שוו״יגענדע געזעלשאַפטליכע שיכטען, וואָס האָבען געסטערן ניט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, זיינען געוואָרען אויפגערודערט פון דער מעכאַנישער קראַפט פון פאַקטען און האָבען דערזעהן דעם צענטראַל פּונקט פון דער ערשיינונג אין דער יעצטיגער רוסלאַנד, — די מלחמה. זיי זיינען געווען דערשראָקען, זיי האָבען דעם אָטעם ניט געקאָנט כאַפּען. די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, וועלכע האָבען פאַר דער מלחמה איגנאָרירט די גלייכגילטיגע מאַסען, זיינען געוואָרען באַאיינפלוסט פון דער הערשענדער פאַרצווייפלונג און שרעק. דער געפיהל האָט זיי אַרומגעכאַפּט און געפּרעסט זייער מאַרך ו־מיט א שווערער משא. די שטימע פון ענטשלאָסענעם פּראָט־האָט קוים געקאָנט אויפגעהויבען ווערען אין מיטען פון ז־שרעקען און ליידען. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַר

וועלכער איז נאָך ניט געקומען צו זיך פון די וואונדען וואָס ער האָט געקראָגען אין מאָנאט יולי 1903, איז געווען מאכטלאָז זיך געגענצושטעלען „דעם רוף פון ווילדע געפיהלען".

דאָס יאָהר פון מלחמה איז פונדעסטוועגען פארביי ניט אָהן רעזולטאטען. די מאסען, וואָס זיינען געסטערן געווען רויה, האָבען היינט פאר זיך געזעהן די גרעסטע געשעהעניסען. זיי האָבען גע־זוכט ווי די געשעהעניסען צו פארשטעהן. דאָס פאַרלענגערען פון דער מלחמה האָט געשאַפען אַ פארלאנג נאָכצודענקען, צו שטעלען פראגען וואס דאָס אלעס באדייטעט, און די מלחמה, וועלכע האָט אַ געוויסע צייט געשטערט דער רעוואלוציאנערער איניציאַ־טיווע פון טויזענדע, האָט אַזוי ערוועקט צום לעבען דעם פאָ־ליטישען געדאנק פון מיליאָנען.

דאָס יאָהר פון מלחמה איז פארבייגעגאנגען ניט אָהן רעזול־טאטען, ס'איז קיין איין טאָג ניט פארביי אָהן רעזולטאטען. אין די נידריגע שיכטען פון פאָלק, אין דער סאמע טיעפעניש פון די מאסען איז שטילערהייט פאָרגעקומען אַ שטאַרקע באוועגונג וואָס מען האָט קוים געקאָנט באמערקען, אָבער דאָך איז די אַר־בייט אָנגעגאנגען אונאויפהערליך, אָהן אַ ווידערשטאנד, און האָט אָנגעזאמעלט צאָרן, ביטערקייט און רעוואָלוציאָנערע ענערגיע. דער געפיהל וואָס פיהלט זיך היינט אין די גאסען איז מעהר ניט דער געפיהל פון איינפאכער פארצווייפלונג. עס איז אַ געפיהל פון אָנגעקליבענעם צאָרן, וואָס זוכט וועגען און מיטלען פאר רעוואָ־לוציאָנערע טאַטען. יעדער פאַסענדער טאָט פון דעם אוואנגארד פון אונזערע ארבייטער מאסען קאָן יעצט מיטפיהרען מיט זיך ניט בלויז אונזערע רעוואָלוציאָנערע מחנות פון הינטען, זאָנדערן אויך טויזענדע און הונדערטע טויזענדע נייע רעוואָלוציאָנערע גע־עקרוטען. די מאָביליזירונג, — ניט פאַרגלייכענדיג צו דער מאָביליזירונג פון דער רעגירונג, — קאָן פארווירקליכט ווערען ווען עס שוין איז דאָ אַן אַלגעמיינע סימפאַטיע און אַקטיווע הילף פון א העכערער מעהרהייט פון דער באַפעלקערונג.

צו האָבען אַ שטאַרקע סימפּאַטיע פון די מאַסען, צו האָבען אַ אַקטיווע הילף אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטישע עלעמענטען פון פאָלק ; צו האָבען אַ רעגירונג וואָס ווערט פון אַלעמען פאַר־האַסט, וואָס איז אונערפאָלגרייך אין גרויסע ווי אויך אין קליינע אונטערנעמונגען, אַ רעגירונג וואָס איז באַזיעגט געוואָרען אויף די ימים, וואָס איז באַזיעגט געוואָרען אויף די שלאַכט־פעלדער, וואָס איז פאַראַכטעט און נידערגעשלאָגען און האָט ניט קיין גלויבען אין אַ מאָרגענדיגען טאָג, אַ רעגירונג וואָס פיהרט אַ פאַרצווייפעלטען קאַמף, וואָס פּראָוואָצירט און טרעט אָפּ, וואָס זאָגט ליגען און לײדעט פון די חטאים וואָס ווערען ווענען איהר פאַרעפענטליכט, וואָס איז אונפאַרשעמט און דערשראָקען ; צו האָבען אַן אַרמעע, וועמעס מאָראַל איז אין פאַרלויף פון דער מלחמה צושמעטערט געוואָרען, וועמעס מוטינקייט, ענערגיע, ענטוזיאַזם און העלדיש־קייט האָט זיך אָנגעשטויסען אָן אַן אייזערנער וואַנט, אין דער פאָרם פון דער אַדמיניסטראַטיווער אַנאַרכיע, אַן אַרמעע וואָס האָט פאַרלאָרען דעם גלויבען אין דער גאַנצער פעסטקייט פון דעם רע־זשים וועמען זי דיענט, אַן אונצופרידענע, בייזע אַרמעע, וועלכע האָט זיך מעהר ווי איין מאָל אין פאַרלויף פון לעצטען יאָהר אַרויס־געריסען פון די צוואַנגען פון דיסציפּלין, און וועלכע הערט זיך נייע־געריג צו צו דעם מורמלען פון רעוואָלוציאָנערע שטימען, — דאָס וועלען זיין די אומשטענדען אונטער וועלכע דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט וועט אַרויס אין די גאַסען. עס שיינט אונז אַז די געשיכטע האָט ניט געקאָנט שאַפען קיין בעסערע אומשטענדען פאַר דער לעצטער אַטאַקע. די געשיכטע האָט געטאָן אַלעס וואָס מען האָט געקאָנט ערוואַרטען פון עלעמענטאַרער קלוגשאַפט. די רעג־קענדע רעוואָלוציאָנערע קרעפטען פון לאַנד דאַרפען טאָן דאָס איבריגע.

אָן אינגעהייערע מאָס פון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע האָט זיך אָנגעזאַמעלט. זי טאָר ניט פאַרשווינדען אָהן אַ נוצען, זי טאָר ניט צושפּרייט און פאַרנאַנדערגעוואָרפען ווערען אין צוזאַמענ־

שטויסע, וואָס האָבען ניט צווישען זיך קיין פארבינדונג און קיין באשטימטען פלאַן. אַלע אַנשטרענגונגען מוזען געמאכט ווערען צו קאָנצענטרירען די ביטערקייט, דעם פארדרום, דעם פראָטעסט, די אויפרעגונג, דעם האַס פון די מאַסען, צו געבען די ליידענשאַפטען אַן אַלגעמיינע שפּראַך, אַן אַלגעמיינעם ציעל, צו פאראייניגען, צו פארשטארקען די אַלע טיילען פון די מאַסען, צו מאַכען זיי פיהלען און פארשטעהן אַז זיי זיינע ניט אָפּגעזונדערט, אַז אייניציייטיג מיט דעם זעלבען לאָזונג אויף'ן פאַהן, מיט דעם זעלבען ציעל און געדאנק שפּראָצען אומעטום ארויס פארשידענע טיילען. אויב די פארשטענדניס וועט ערדייכט ווערען, האָט די רעוואָלוציאָן העלפט פון איהר אויפגאבע פארווירקליכט.

מיר מוזען ארויסרופען אַלע רעוואָלוציאָנערע קרעפטען, אַלע רעוואָלוציאָנערע כחות פאר די זעלבע טאַטען. ווי אַזוי קאָנען מיר דאָס טאָן?

פריהער פון אַלעם דארפען מיר געדענקען אַז די הויפּט סצענע פאר רעוואָלוציאָנערע געשעהעניסען וועט ווארשיינליך זיין די שטאָדט. מען קאָן זיך ניט פאָרשטעלען אַז אימיצער זאָל דאָס אָפּלייקענען. עס איז אויך קלאָר אַז גאַסען־דעמאָנסטראציעס קאָנען פארוואנדעלט ווערען אין אַן אַלגעמיינע רעוואָלוציאָן בלויז דאן, ווען זיי זיינען מאַסען מאַניפעסטאציעס, דאָס הייסט, ווען זיי כאַפּען צוערשט ארום די ארבייטער פון די פאַבריקען און ווערקשטאַטען. צו מאַכען די ארבייטער אָפּשטעלען זייערע מאַשינען, צו מאַכען זיי פארלאָזען די פאַבריקען און אַרויס אין די גאַסען, צו פיהרען זיי אין די שכנות'דיגע פאַבריקען און ערקלערען דאָרט, אַז די ארבייט איז אָפּגעשטעלט; צו מאַכען נייע מאַסען ארויסקומען אין די גאַסען; צו געהן פון פאַבריק צו פאַבריק, פון ווערקשטאַט צו ווערקשטאַט; צו וואַקסען אונאויפהערליך אין צאָהל, צו באַזייטיגען די פּאָליציי שטערונגען, צו באאיינפלוסען נייע מאַסען מיט וועלכע מען האָט אַ געלעגענהייט זיך צו באַגעגענען; אָנצופילען די גאַסען מיט מענשען און צו פארכאַפּען געביידעס

צו באַפעסטיגען ; וואָס זיינען פאַסענד פאַר מאַס־פאַרזאַמלונגען די געביידעס, אָפּצוהאַלטען דאָרט כסדר רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמ־לונגען מיט די מאַסען וואָס קומען און געהען ; איינצובריינגען אָרדנונג אין דער באַוועגונג פון די מאַסען, צו ערהויבען זייער גייסט, צו ערקלערען זיי דעם ציעל און די באַדייטונג פון אַלעס וואָס עס קומט פאָר ; צו פאַרוואַנדלען ענדליך די גאַנצע שטאָדט אין איין רעוואָלוציאָנערען לאַגער, — דאָס איז, ברייט גערעדט, דער פּלאַן פאַר טעטיגקייט.

דער אַנפאַנג דאַרף געמאַכט ווערען פון די פאַבריקען און ווערקשטאַטען. דאָס הייסט, אַז גאַסען־מאַניפעסטאַציעס פון אַן ערנסטען כאַראַקטער, אָנגעלאָדען מיט ענטשלאָסענע געשעהעניסען, דאַרפען זיך אַנפאַנגען מיט פּאָליטישע סטרייקס פון די מאַסען.

עס איז לייכטער צו באַשטימען אַ טאָג פאַר אַ סטרייק ווי פאַר אַ דעמאָנסטראַציע פון דעם פאָלק, פונקט ווי עס איז לייכ־טער צו מאַכען מאַסען גרייט פאַר אַן אויסטרעטונג איידער צו אָרגאַניזירען נייע מאַסען.

אַ פּאָליטישער סטרייק, אָבער ניט קיין לאָקאַ־לער, נאָר אַן אַלגעמיינער פּאָליטישער סטרייק איבער גאַנץ רוסלאַנד, — דאַרף האָבען אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישען לאָזונג. דער לאָזונג דאַרף זיין : צו מאַכען אַן ענדע צו דער מלחמה און צו רופען אַ נאַציאָנאַלע קאָנסטיטו־אירענדע פאַרזאַמלונג!

די פאָדערונג דאַרף ווערען פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען פאָלק, און אין דעם ליגט די אויפגאַבע פון אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר דעם אַל־רוסישען אַלגעמיינעם סטרייק. מיר דאַרפען אויסנוצען יעדע מעגליכע געלעגענהייט צו מאַכען די אידעע וועגען אַ נאַציאָנאַלע קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג פּאָפּולער צווישען דעם פאָלק. ניט פאַרלירענדיג איין מאָמענט, דאַרפען מיר לאָזען אין גאַנג יעדער

טעכנישען מיטעל און אַלע אונזערע קרעפטען פון פּראָפּאַגאנדא וואָס מיר פאַרמאָגען. פּראָקלאַמאַציעס און רעדעס, בילדונגס קרייזען און מאַס־פאַרזאַמלונגען דאַרפען ברייט פאַרשפּרייט ווערען, אום איבערצוגעבען און ערקלערען די פּאָדערונג וועגען א קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג. עס טאָר ניט זיין קיין איין מענש אין א שטאָדט, וועלכער זאָל ניט וויסען אז זיין פּאָדערונג איז: א נאַציאָנאַלע קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג.

די פּויערים דאַרפען גערופען ווערען צו פאַרזאַמלען זיך אין דעם טאָג פון דעם פּאָליטישען סטרייק און אָנצונעמען רעזאָלוציאָנען וועגען רופען א קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג. די פּויערים פון די פאַר־שטעדט דאַרפען גערופען ווערען אין די שטעדט צו באטייליגען זיך אין די גאסען באוועגונגען פון די מאסען, פאַרזאַמלט אונטער דער פאָהן פון א קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג. אַלע געזעלשאַפטען און אָרגאניזאַציאָנען, פּראָפעסיאָנעלע און בילדונגס־פאַראיינען, די צייטונגען און זשורנאַלען, וואָס שטעהען פאַר א דעמאָקראַטישע רעגירונג, און אויך די אָרגאַנען פון דער אָפּאָזיציאָנס פּרעסע דאַרפען די ארבייטער פּאַראָיס לאָזען וויסען, אז זיי זאָלען זיין גרייט פאַר אַן אַל־רוסישען סטרייק, וואָס איז באַשטימט פאַר א געוויסען טאָג, צו העלפען צוזאַמענרופען א קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג. די ארבייטער דאַרפען פאָדערען פון אַלע געזעלשאַפטען און קאָרפּאָראַציאָנען, אז אין דעם באַשטימטען טאָג פאַר די מאַסען מאַניפעסטאַציעס זאָלען זיי זיך אָנשליסען אָן דער פאָדערונג וועגען: א נאַציאָנאַלע קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג. די ארבייטער דאַרפען פּאָדערען פון דער אָפּאָזיציאָנס פּרעסע, אז זי זאָל מאַכען פּאָפּולער דאָס שלאַג־וואָרט, אז ערב דער דעמאָנסטראַציע זאָלען זיי דרוקען אַן אַפּיעל צו דער באַפעלקערונג אָנצושליסען זיך אָן דער פּראָלעטאַרישער מאַניפעסטאַציע, אונטער דער פאָהן פון א נאַציאָנאַלער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג.

מיר דאַרפען אָנפיהרען א העכסט קאָנסטרוקטיווע פּראָפּאַגאַנ־

דאַ אין דער אַרמעע אַזוי, דאָס אין דעם טאָג פון דעם סטרייק זאָל יעדער סאָלדאַט, וואָס וועט געשיקט ווערען צו דערשטיקען די „רע־וואָלטירער", וויסען אַז ער האָט פאַר זיך מענשען, וועלכע פאָדערען אַ נאַציאָנאַלע קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג.

## אנמערקונג:

„די דיקטאטור פון פראלעטאריאט" איז דאס וואונדערבארסטע שטיק פאליטישע ליטעראטור, וואס די רעוואלוציע האט געשאפען. געשריבען אין אנפאנג פון 1906, נאך די גרויסע געשעהעניסען פון 1905, ווען די רוסישע רעוואלוציאן איז געגאנגען בארג אראפ, און די אויטאקראטיע איז געקומען צו זיך און שטייפער פארצויגען דעם שטריק איבער'ן האלז פון דער באפעלקערונג, האבען די ארטיקלען וועגען דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט דאמאלס ארויסגערופען מעהר ערשטוינונג, ווי באגייס־טערונג. די ארטיקלען האבען דאמאלס אויסגעזעהן ניט אם פלאץ. זיי האבען איגנארירט די ליבעראלע פרעסע. זיי האבען איגנארירט די גריכדונג פון דער דומא, אויף וועלכער די קאנסטיטוציאנעלע דעמאָ־קראטען האבען געלעגט אזוי פיעל האפנונג אלס אויף א פלאץ, וואו די דעמאקראטיע וועט קעמפען פאר די רעכטע פון פאלק און וועט געווינען. זיי האבען איגנארירט דעם פאקט, וואס דער אוואנגארד פון דער רעוואָ־לוציע — דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט — איז געווען באזיעגט, דיסארגאניזירט, ענטמוטיגט, אויס:עמאטערט.

די ארטיקלען האבען ארויסגערופען אן אפאזיציע צווישען די פית־רער פון די סאציאל־דעמאקראטישע דענקער, סאי צווישען באלשעוויקעס, סאי צווישען מענשעוויקעס. די ארטיקלען האבען אויסגעזעהן צו זיין מעהר אן אויסדרוק פון טראצקי'ס רעוואלוציאנערע באגייסטערונג, פון זיין שטארקען גלויבען אין דער צוקונפט פון דער רוסישער רעוואלו־ציע, ווי אן אפשפיגלונג פון דער פאליטישער ווירקליכקייט. מען האט געוואוסט, אז ער האט די ארטיקלען געשריבען אונטער די גראטעס פון טורמע. איז דער פאקט אליין וואס ער איז געווען ארעסטירט ניט געווען גענוג איהם צו איבערצייגען, אז דאס בילד וועגען דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט וואס ער האט געמאלען, איז בלויז געווען א חלום?

די געשיכטע האט געצייגט, אז דאס איז קיין חלום ניט געווען..די רעוואלוציע פון 1917 ווייזט, אז אלעס איז געגאנגען אין דער ריכטונג, ווי טראצקי האט פאראויסגעזאגט. מיר האבען יעצט אין רוסלאנד די דיקטאטור פון פראלעטאריאט. די ליבעראלע און ראדיקאלע פארטייען האבען פארלארען דעם איינפלוס. די ארבייטער־באוועגונג האט אוועקגע־

שטעלט אויפ׳ן טאָגעס־אָרדנונג — קאָמוניסטישע איינגענטום און קאָמו־ניסטישע פאַרוואַלטונג פון אינדוסטריעס. די אַרבייטער־באַוועגונג האָט ניט געצווייפעלט און ערקלערט, אַז רוסלאַנד איז גרייט פאַר אַ סאָציאַ־ליסטישע רעוואָלוציע. זי איז געווען געצוואונגען דאָס צו טאָן אונטער דעם דרוק פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע מאַסען. די רוסישע אַרמעע איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרען און אויף טראָצקי׳ס גורל איז אויסגעפאַלען צו ווערען אַליין דער קריעגס־מיניסטער פון רוסלאַנד, צו באַוואָפנען דאָס פאָלק, צו אָרגאַניזירען די „רויטע אַרמעע״, אום צו באַשי־צען די רעוואָלוציע.

ווען מען לעזט די אַרטיקלען, פאַרגעסט מען, אַז זיי זיינען געשרי־בען געוואָרען אין 1906 (אַלס אַ טייל פון טראָצקי׳ס בוך : „אונזער רעוואָלוציאָן״), מיט דרייצעהן יאָהר צוריק, נאָר ס׳דוכט זיך, אַז זיי פּאַרהאַנדלען וועגען פראַגען פון היינטיגען טאָג. דאָס צייגט, אַז די רע־וואָלוציע פון 1917 איז געווען אַ פאָרזעצונג פון דער רעוואָלוציע פון 1905. די פּאָליטישע פיהרער און די סאָציאַלע קרעפטען זיינען איןביידע רעוואָלוציעס געווען דיזעלבע. די אידעאָלאָגיע פון די פאַרשי־דענע גרופּען און פּאַרטייען האָט זיך אין דער רעוואָלוציע פון 1917 כמעט ווי ניט געביטען. געענדערט האָט זיך בלויז די אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציע. אָבער טראָצקי האָט נאָך דאַמאַלס פאָראויסגעזעהען די מעג־ליכקייט פון אַ וועלט־מלחמה און די רעזולטאַטען וואָס אַזאַ מלחמה קען ברענגען.

מיט דרייצעהן יאָהר צוריק האָבען די אַרטיקלען געשילדערט אַ וועלט פון אילוזיעס. ווען מען לעזט היינט די אַרטיקלען, דוכט זיך, אַז מען לעזט די היסטאָריע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

## 1

# די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

1789—1848—1905

די געשיכטע ווערט ניט איבערנ'חזר'ט. איהר קענט פאַר־גלייכען די רוסישע רעוואָלוציאָן מיט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, אָבער דאָס וועט די ערשטע ניט מאַכען עהנליך צו דער צווייטער. דער נײַנצעהנטער יאָהרהונדערט איז ניט געוועז פרוכטלאָז.

אפילו דאָס יאָהר 1848 איז געוועז גאַנץ אַנדערש פון דעם יאָהר 1789. אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער פראַנצויזישער רע־וואָלוציאָן זעהען אויס די רעוואָלוציאָנען אין פּרייסען אָדער עסט־רייך ערשטוינענד קליין. פון איין שטאַנדפּונקט זיינען די רעוואָ־לוציעס פון 1848 געקומען צו פריה; פון אַ אַנדער שטאַנדפּונקט זיינען זיי געקומען צו שפּעט. די געוואַלדיגע אָנשטרענגונג פון מאַכט, וואָס איז נויטיג פאַר דער בורזשואזער געזעלשאַפט אָפּ־צורעכענען זיך פּאָלשטענדיג מיט די בעלי הבתים פון דער פאַר־גאַנגענהייט, קען עררייכט ווערען אָדער דורך אַ מעכטיגער **פאַר־אייניגונג פון אַ גאַנצער נאַציאָן** וואָס שטעהט אויף געגען דעם פעאָדאַלען דעספּאָטיזם, אָדער דורך אַ מעכטיגער ענטוויקלונג פון דעם **קלאַסען קאַמפּף** אין אַ נאַציאָן, וואָס שטרעבט צו פרייהייט. אין דעם ערשטען פאַל — וואו די יאָהרען 1789—1793 זיינען אַ קלאַסישער ביישפּיעל — איז די נאַציאָנאַלע ענערגיע, צוזאַמענגעדריקט פון דעם שרעקליכען ווידער־

שטאַנד פון דעם אַלטען רעזשים, פאַרשוואונדענט געוואָרען אין גאַנ־
צען אין דעם קאַמפּף געגען דער רעאַקציע. אין דעם צווייטען
פאַל — וואָס איז קיינמאָל אין דער געשיכטע נאָך ניט פאָרגעקומען
און וואָס ווערט דאָ באַטראַכט אַלס אַן השערה — ווערט די ווירק־
ליכע ענערגיע, וואָס איז נויטיג פאַר אַ זיעג איבער די שוואַרצע
כחות פון דער געשיכטע, ענטוויקעלט אין דער בורזשואזער נאַ־
ציאָן דורך אַ „בירגער קריעג" צווישען קלאַסען.

דער צווייטער פאַל איז כאַראַקטעריסטיש דורך די שרעקליכע
אינערליכע רייבונגען. אַן אונגעהויערע מאַסע ענערגיע ווערט פאַר־
שלונגען, די בורזשואַזיע ווערט צוריקגעהאַלטען פון שפּיעלען די
הויפּט ראָלע, דער פּראָלעטאַריאַט ווערט געשטופּט צום פראָנט,
די ארבייטער קריגען אין אַ מאָנאַט ערפאַהרונג פון צעהנדליגע
יאָהרען, זיי ווערען די צענטראַלע פיגור אין פּאָליטישען קאַמפּף,
זיי קריגען אַריין די לייצעס אין זייערע הענד. שטאַרק, ענטשלאָ־
סען, ניט וויסענדיג פון צווייפעל, גיט דער פּראָלעטאַריאַט אַ מעכ־
טיגען שטויס די פּאַסירונגען.

עס בלייבט אָדער—אָדער. אָדער אַ נאַציאָן פאַראייניגט זיך
אין איין גאַנצען בונד, ווי אַ לייב גרייט אָנצופאַלען; אָדער אַ
נאַציאָן איז פּאַלשטענדיג צוטיילט אין דעם פּראָצעס פון אינער־
ליכען קאַמפּף, אַ נאַציאָן, וועלכע האָט זיך באַפרייט פון איהר
בעסטער טייל פאַר אַ ציעל, וואָס זי האָט פאַראייניגט ניט געקענט
פאַרווירקליכען. דאָס זיינען די צוויי פאַרשיעדענע טיפּען, וועמעס
ריינע פאָרמען מען קען געפינען בלויז אין דער לאָגישער ענטגעגענ־
שטעלונג.

דאָ, ווי אין פיעלע אַנדערע פעלע, איז דאָס ערגסטע דער
מיטעל־וועג. דאָס איז אויך געוועזען דער פּאַל אין 1848.

אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן זעהען מיר אַן אַקטיווע,
אויפגעקלערטע בורזשואַזיע, וועלכע באַגרייפט נאָך ניט דעם ווי־
דערשפּרוך פון איהר לאַגע; וועלכע איז אַנפאַרטרויט פון דער גע־

שיכטע מיט דער אויפגאבע פון פיהרער אין דעם קאמפף פאר א נייער ארדנונג; וועלכע קעמפפט ניט בלויז געגען די פארעלטערטע אינסטיטוציעס פון פראנקרייך, נאר אויך געגען די רעאקציאנערע כחות איבער גאנץ אייראפא. די בורזשואזיע, דורך איהרע פאר־שיערענע פראקציאנען, נעהמט באוואוסטזיניג איבער די פיהרער־שאפט פון דער נאציאן, זי ציהט אריין די מאסען אין קאמפף, זי שאפט שלאג־ווערטער, זי דיקטירט א רעוואלוציאנערע טאקטיק. דעמאקראטיע פאראייניגט די נאציאן אין איין פאליטישען אידעען־גאנג. דאס פאלק — קליין־בעל מלאכות, קליין־הענדלער, פויערים און ארבייטער — ערוועהלט די בורזשואזיע אלס זיינע פארטרע־טער; די פאלמאכט פון די געמיינדעס ווערט אויסגעדריקט אין דער שפראך פון דער בורזשואזיע, וועלכע הויבט אן באגרייפען איהר ראלע פון א משיח. געגנערשאפטען ווערען געשאפען אין פארלויף פון דער רעוואלוציאן, אבער די מעכטיגע טרייב־קראפט פון דער רעוואלוציאן באזייטיגט די העכסט אונענטשפרעכענדע עלעמענטען פון דער בורזשואזיע איינע נאך די אנדערע. יעדע געזעלשאפטליכע שיכט ווערט אפגעריסען, אבער ניט פריהער, ווי זי האט איבערגעגעבען איהר גאנצע ענערגיע צו דעם נאכפאלגער. דאס פאלק, אלס א גאנצעס, פיהרט ווייטער אן דעם קאמפף מיט אלץ מעהר עקשנות און ענטשלאסענהייט. ווען די העכערע שיכ־טען פון דער בורזשואזיע רייסען זיך אפ פון דעם הויפט קערפער פון דער נאציאן צו גרינדען א פארבאנד מיט לואיס דעם 16טען, ווערען די דעמאקראטישע פאדערונגען פון פאלק פארוואנדעלט געגען דער טייל פון דער בורזשואזיע, פיהרען צו אלגעמיינע און גלייכע רעכטע און א רעפובליקאנער רעגירונג, אלס לאגיש אויסגעהאלטענע פארמען פון דעמאקראטיע.

די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן איז אן אמת נאציא־נאלע רעוואלוציע. זי איז מעהר ווי דאס. זי איז א קלאסישע מאניפעסטאציע, אויף א נאציאנאלען מאסשטאב, פון דעם וועלט־ברייטען קאמפף וואס די בורזשואזיע פיהרט אן פאר אויבערמאכט,

פאַר שטאַרקייט, פאַר ניט געמילדערטען טריומף. אין 1848 איז די בורזשואַזיע מעהר ניט געווען פעהיג צו אַזאַ ראָלע. זי האָט ניט געוואָלט, זי האָט ניט געוואַגט צו נעהמען אויף זיך די פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע ליקווידאַציע פון אַ פּאָליטישער אָרדנונג, וואָס איז איהר געשטאַנען אין וועג. די אורזאַכע איז קלאָר. די אויפגאַבע פון דער בורזשואַזיע — וועגען וועלכער זי האָט געהאַט אַ פּאָלשטענדיגען באַגריף — איז ניט געווען צו פאַרזיכערען איהר  א י י ג ע נ ע  פּאָליטישע איבער־מאַכט, זאָנדערן צו פאַרזיכערען פאַר זיך אַ  ח ל ק  אין דער פּאָלי־טישער מאַכט פון דעם אַלטען רעזשים. די בורזשואַזיע פון 1848, מיט דער גייציגער קלוגשאַפט וואָס זי האָט געהאַט פון דער ערפאַה־רונג פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, איז געווען פאַרדאָרבען פון איהר פאַלשקייט, דערשראָקען פון איהר דורכפאַל. זי האָט ניט געפיהרט די מאַסען צו שטורמען די ציטאַדעלען פון דער אַב־סאָלוטיסטישער אָרדנונג. פאַרקעהרט, מיט איהר רוקען געגען דער אַבסאָלוטיסטישער אָרדנונג האָט זי געגעבען אַ ווידערשטאַנד דעם אָנגריף פון די מאַסען, וועלכע האָבען זי געשטויסען פאָרווערטס.

די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט די רעוואָלוציאָן געמאַכט גרויס. איהר באַוואוסטזיניג־קייט פון דעם פאָלק, און קיין אידעע האָט ניט געפונען איהר אויסדרוק אין אינסטיטוציעס, ניט דורכגעהענדיג איהר באַוואוסט־זיין אַלס אַ סוף, אַלס אַ ציעל פון פּאָליטישער באַדייטונג. זי האָט זיך אָפט געמוזט נעהמען צו טעאַטראַלע פּאָזעס, כדי צו באַ־האַלטען פון זיך אַליין די באַגרענעצונגען פון דער בורזשואַזער וועלט, — דאָך האָט זי מאַרשירט פאָרווערטס.

די דייטשע בורזשואַזיע, ווידער, האָט ניט געטאָן די רעוואָלו־ציאָנערע אַרבייט; זי האָט „אוועקגעמאַכט" די רעוואָלוציאָן באַלד פון אָנפאַנג. איהר באַוואוסטזיניגקייט האָט רעוואָלטירט געגען דעם אָביעקטיווען צושטאַנד פון איהר איבערמאַכט. די רעוואָ־לוציאָן האָט געקענט פאַרווירקליכט ווערען ניט דורך דער בור־

זשואַזיע, נאָר געגען איהר. די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציאָנען האָבען אין דעם גערדאנק פון דייטשען בורזשוא ניט אויסגעזעהן ווי אַ ציעל פאר זיין קאַמפּף, נאָר ווי אַ געפאַהר פאר זיין זיכערקייט.

אַן אַנדער קלאַס האָט זיך געפאָדערט אין 1848, אַ קלאַס, וואָס איז פעהיג צו פיהרען די רעוואָלוציאָן אויסער דער בורזשואַזיע און ניט אַכטענדיג אויף איהר, אַ קלאַס, וואָס איז ניט נאָר גרייט און פעהיג צו שטופּען די בורזשואַזיע פאָרווערטס, נאָר וואָס קען אַריבערטרעטען דעם פּאָליטישען קערפּער פון דער בורזשואַזיע, אויב די ערשיינונגען זאָלען דאָס פאָדערען. קיינער פון די אַנדערע קלאַסען איז אָבער דערצו ניט גרייט געוועזן.

ד ע ר מ י ט ע ל ־ ק ל אַ ס איז געוועזן פיינדליך ניט בלויז צו דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך צו דער צוקונפט. זיי זיינען נאָך געוועזן אַרומגערינגעלט אין דער נעץ פון די באַציהונגען, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען אין דעם מיטעל־אַלטער און זיינען געוועזן אונפעהיג ווידערצושטעהן דעם דראַנג פון דער „פרייער" אינדוס־טריע; זייער גייסט האָט זיך נאָך אַלץ אָפּגעשפּיעגעלט אין די שטעדט און זיי האָבען שוין געמאַכט פּלאַץ פאר דעם איינפלוס פון גרויס קאַפּיטאַל. פּאַרזונקען אין אָבערגלויבען, ערשטוינט פון די שרייענדע ערשיינונגען, עקספּלואַטירענדיג און ווערענדיג עקס־פּלוטירט, גייציג און הילפלאָז אין זייער גייציגקייט, האָבען זיי ניט געקענט ווערען קיין פיהרער אין וויכטיגע וועלט־ברייטע פראַ־גען. נאָך וועניגער פעהיג זיינען געוועזן די פּ ו י ע ר י ם פאר פּאָליטישער איניציאַטיווע. פאַרגאַנדערגעוואָרפען איבער'ן לאַנד, ווייט פון דעם נערוועזען צענטער פון פּאָליטיק און קולטור, באַ־שרענקט אין זייערע אַנשויאונגען, האָבען די פויערים ניט געקענט נעהמען קיין גרויסען אַנטייל אין דעם קאַמפּף פאר אַ נייער אָרד־נונג. די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ האָט ניט פאַרמאָגט קיין געזעלשאַפטליכע געוויכט; אָדער זיי האָבען זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זייער עלטערער שוועסטער, די ליבעראַלע בורזשואַזיע, ווי אַ פּאָ־ליטישער עק, אָדער זיי האָבען זיך אין קריטישע מאָמענטען אָפּ־

געטײלט פון דער בורזשואַזיע, בלויז אום צו צײגען זײער שוואַכקײט.

די אינדוסטריעלע אַרבײטער זײנען געווען צו שוואַך, ניט אָרגאַניזירט, באַרויבט פון וויסענשאַפט און ערפאַהרונג. די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג איז געגאַנגען ווײט גענוג צו מאַכען באַפעהלענד דאָס אָפּשאַפען פון די אַלטע פעאָדאַלע באַציהונגען, דאָך איז זי ניט געגאַנגען גענוג ווײט צו מאַכען דעם אַרבײטער קלאַס, דעם פּראָדוקט פון די נײע עקאָנאָמישע באַציהונגען, אַן ענטשײדענדע פּאָליטישע ערשײנונג. די געגנערשאַפט צווישען דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, אַפילו אין די נאַציאָנאַלע גרענעצען פון דײטשלאַנד, איז געווען גענוג שאַרף אָפּצוהאַלטען די בורזשואַזיע פון אַרויסטרעטען צום פראָנט און איבערנעהמען די נאַציאָנאַלע הערשאַפט אין דער רעוואָלוציאָן, דאָך איז זי ניט געווען שאַרף גענוג צו געבען דעם פּראָלעטאַריאַט אַ מעגליכקײט צו ווערען אַ נאַציאָנאַלער פיהרער. אמת, די אינערליכע רײבונגען פון דער רעוואָלוציאָן האָבען צוגעגרײט די אַרבײטער פאַר פּאָליטישער אומאָפּהענגיגקײט, פונדעסטוועגען האָבען זײ אָפּגעשוואַכט די ענערגיע און גאַנצקײט פון דער רעוואָלוציאָן און האָבען פאַראורזאַכט אַ גרויסע פאַרשווענדונג פון כחות. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס נאָך די ערשטע ערפאָלגרײכע שריט האָט די רעוואָלוציאָן זיך אָנגעפאַנגען שלעפען אין שמערצליכער אונזיכערהײט און נאָך די ערשטע קלעפּ פון דער רעאַקציע האָט זי זיך גענומען ריקווערטס. עסטרײך האָט געגעבען דעם קלאָרסטען און העכסט טראַגישען בײשפּיעל פון אונפאַרענדיגטע און אונבאַשטימטע באַציהונגען אין אַ רעוואָלוציאָנערען פעריאָד. די סיטואַציאָן איז דאָס געווען, וואָס האָט געגעבען לאַסאַל'ן אַ מעגליכקײט צו באַהויפּטען, אַז פון הײנט אָן און ווײטער װעלען רעוואָלוציעס קאָנען געפינען אונטערשטיצונג בלויז אין דעם קלאַסען־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. אין אַ בריעף צו מאַרקס'ן, געשריבען דעם 24טען אָקטאָבער, 1849, זאָגט ער: „די ערפאַהרונגען פון עסטרײך, אונ־

גארן און דייטשלאנד אין 1848 און 1849 האבען מיך געפיהרט צו דעם פעסטען באשלוס, אז אין אייראפא קאן קיין קאמפף ניט זיין ערפאלגרייך, אויסער ווען דאס ווערט באלד פון אנפאנג ערקלערט אלס א ריין־סאציאליסטישער קאמפף. עס קען ניט האבען קיין ערפאלג קיין קאמפף, אין וועלכען די סאציאלע פראבלעמען שיינען צו זיין נעבעלהאפטע עלעמענטען וואס ווערען פארשטויסען אין הינטערגרונד, אין דער צייט, ווען אין דער עפענטליכקייט ווערט דער קאמפף געפיהרט אונטער דעם לאזונג פון נאציאנאלער אויפ־לעבונג פון דער בורזשואזער רעפובליק".

מיר וועלען ניט פרובירען קריטיקירען די דרייסטע ענטשיידונג. איין זאך איז דייטליך, נעמליך, דאס שוין אין מיטען פון נייכצעהנ־טען יאהרהונדערט האט די נאציאנאלע אויפגאבע וועגען פאלי־טישער גלייכבארעכטיגונג ניט געקאנט פארפאלקאמט ווערען דורך אן איינשטימיגען געפלאנעוועטען אנגריף פון דעם גאנצען פאלק. בלויז די אונאבהענגיגע טאקטיק פון פראלעטאריאט, וועלכע קריגט ניט זיינע קרעפטען פון קיין אנדערע קוועלען, ווי פון דער פאזיציע וואס זיין אייגענער קלאס פארנעהמט, האט געקאנט פארזיכערען א זיעג פון דער רעוואלוציאן.

דער רוסישער ארבייטער קלאס פון 1906 איז גאנץ פארשיידען פון דעם וויענער ארבייטער קלאס פון 1848. דער בעסטער באוויז דערצו איז — דער אל־רוסישער ראט פון ארבייטער און סאלדאטען־רעפוטאטען (די סאוויעטען). דאס זיינען ניט קיין קאנספיראטיווע ארגאניזאציאנען, וואס זיינען פריהער צוגעגרייט געווארען, כדי ארויסצוטרעטען אין צייטען פון אונרוהען און פארכאפען די הער־שאפט איבער'ן ארבייטער־קלאס. דאס זיינען ארגאנען, געשא־פען באוואוסטזיניג פון די מאסען אליין, צו פאראייניגען זייער רע־וואלוציאנערען קאמפף. די סאוויעטען, ערוועהלט פון די מאסען און פאראנטווארטליך צו זיי, זיינען דורכאוים רעמאקראטישע אינ־סטיטוציעס, וואס האלטען זיך ביי די העכסט ענטשיידענע קלאסען־פאליטיק אין דעם גייסט פון רעוואלוציאנערען סאציאליזם.

דער אונטערשיעד אין דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן ציינט זיך קלאָר ארויס אין דער פראגע וועגען באַוואפנען דאָס פאָלק.

די מיליץ (נאציאָנאלע זעלבסטשוץ) איז געווען דער ערשטער לאָזונג און די ערשטע זאַך וואָס האָבען עררייכט די רעוואָלוציאָנען פון 1789 און 1848 אין פאריז, אין אלע איטאַליענישע שטאַטען, און אין וויען און בערלין. אין 1846 איז די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשוץ (דאָס הייסט, צו באַוואפנען די קלאסען פון אייגענטימער און די „אינטעליגענץ") ארויסגעשטעלט געוואָרען פון דער גאַנצער בורזשואזער אָפּאָזיציע, אריינרעכענענדיג די סאמע מעסיגע פראקציאָנען. אין רוסלאַנד האָט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשוץ ניט געפונען קיין סימפּאַטיע ביי די בורזשואזע פארטייען. דאָס איז ניט דערפאַר, ווייל די ליבעראַלען פארשטעהן ניט די וויכטיגקייט פון באַוואפנען דאָס פאָלק: דער אבסאָלוטיזם האָט זיי אין דעם פאל געגעבען מעהר ווי איין ביישפּיעל געגען דעם. די אורזאַכע, ווארום די ליבעראַלען געפעלט ניט די אידעע פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשוץ איז, ווייל זיי באַגרייפען פאָלשטענדיג די אונמעגליכקייט פון שאַפען אין רוסלאַנד א באַוואפענטע רעוואָלוציאָנערע מאַכט אויסערהאלב דעם פּראָלעטאַריאַט און געגען דעם פּראָלעטאריאַט. זיי זיינען גרייט זיך צו ענטזאַגען פון דער פאָדערונג, ווי זיי זיינען גרייט זיך צו ענטזאַגען פון פיעל אַנדערע פאָדערונגען, פונקט ווי די פראנצויזישע בורזשואזיע, געפיהרט פון טיערס, האָט בעסער געוואָלט אָפּגעבען פאַריז און פראַנקרייך צו ביסמאַרק'ן, איידער צו באַוואפנען דעם אַרבייטער קלאַס.

די פּראָבלעם פון א באַוואפענטער רעוואָלוציאָן אין רוסלאַנד ווערט הויפּטזעכליך א פּראָבלעם פון פּראָלעטאריאַט, נאַציאָנאַלע מיליץ, — די קלאסישע פאָדערונג פון דער בורזשואזיע אין 1848,— ציינט זיך ארויס אין רוסלאַנד באַלד פון אָנפאַנג צו זיין א פאָדערונג

צו באוואפנען דאס פאלק און פריהער פון אלץ דעם ארבייטער־קלאס. דערמיט ווערט אם קלארסטען דעמאנסטרירט דער שיקזאל פון דער רוסישער רעוואלוציאן.

## 2

# די סאָציאַלע קרעפטען אין דער רעוואָלוציאָן.

א רעוואָלוציאָן איז אָן אָפענער קאמפף פון סאָציאַלע קרעפ־טען אין זייער שטרעבונג פאר פּאָליטישע מאכט.

דער שטאאט איז ניט קיין ציעל אָן און פאר זיך. דאָס איז בלויז אַן ארבייטס־מאשין אין די הענד פון די סאָציאַלע קרעפטען וואָס זיינען אין מאכט. ווי יעדער מאשין, אַזוי האט דער שטאאט זיין אפּאראט, די טרייב־קראפט, און די ארבייטער, וואָס טרייבען די מאשין. זיין הויפּט־קראפט איז דער קלאסען־אינטערעס; זיין אפּאראט באשטעהט פון פּראָפּאגאנדא, פרעסע, איינפלוס פון דער שול, אוניווערזיטעטען און קירכע, פּאָליטישע פּארטייען, עפענט־ליכע מיטינגען, פּעטיציעס, אויפשטענדע; די טרייב־קראפט באַ־שטעהט פון געזעצגעבענדע קערפּערשאפטען וואָס ארבייטען אין די אינטערעסען פון א דינאסטיע אָדער קלאס, אונטער דער מאסקע פון געטליכען אָדער נאציאָנאלען ווילען (אבסאָלוטיזם אָדער פּאר־לאמענטאריזם); זיינע ארבייטער זיינען אַלע די, וואָס שטעהען ארום דער אַדמיניסטראציע — פּאָליציי, געריכטען, טורמעס און די ארמעע.

דער שטאאט איז ניט קיין ציעל אָן און פאר זיך. פונדעסט־וועגען איז ער דער גרעסטער מיטעל צו אָרגאַניזירען, דיזאָרגאַני־זירען און רעאָרגאַניזירען סאָציאַלע באַציהונגען.

עס ווענדעט זיך אָן דעם ווער עס פיהרט די מאשינערי פון׳ם שטאאט, — דער שטאאט קאָן ווערען גרינדליך איבערגעמאכט, אָדער א מיטעל פון אָרגאַניזירטען שטילשטאנד.

יעדע פּאָליטישע פּארטיי, וועלכע איז ווערט דעם נאָמען וואָס זי טראָגט, שטרעבט צו פּארכאַפּן די פּאָליטישע מאכט און אויף אַזאַ אופן ווירקען, אַז דער שטאַאַט זאָל דינען די אינטערעסען פון דעם קלאַס, וועמען די פּארטיי רעפּרעזענטירט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַלס די פּארטיי פון פּראָלעטאַריאַט, שטרעבט נאַטירליך צו דער פּאָליטישער איבערמאכט פון ארבייטער־קלאַס.

מיט דעם וואוקס פון קאַפּיטאַליזם וואַקסט און ווערט שטאַרקער דער פּראָלעטאַריאַט. פון דעם שטאַנדפּונקט, הייסט עס, אַז די ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם איז אויך די ענטוויקלונג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אָבער דער טאָג און די שטונדע, ווען די פּאָליטישע מאכט זאָל איבערגעהן אין די הענד פון דעם ארבייטער־קלאַס, ווערט ניט באַשטימט דירעקט פון דער שטופע פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג פון עקאָנאָמישע קרעפטען, נאָר פון די באַציהונגען פון קלאַסען־קאַמפף, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סיטואַציע, פון אַ צאָהל אנדערע עלעמענטען, — ווי טראַדיציע, איניציאַטיוו, זיין גרייט צום קאַמפף. א. ד. גל.

ס'איז דארום ניט אויסגעשלאָסען, אַז אין אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד מיט אַ נידריגער שטופע פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, זאָל דער פּראָלעטאַריאַט גיכער קומען צו פּאָליטישער איבערמאכט, ווי אין אַ הויך־ענטוויקעלטען קאַפּיטאַליסטישען שטאַאַט. אַזוי זעהן מיר, אַז אין פּאַריז, וועמעס באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון מיטעל־קלאַס, האָט דער פּראָלעטאַריאַט באַוואוסטזיניג אריינגענומען אין זיינע הענד די פארוואלטונג פון געזעלשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען אין 1871. עס איז אמת, אַז די הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט האָט געדויערט בלויז צוויי מאָנאַטען, אָבער ס'איז מערקווירדיג פונדעסטוועגען וואָס אין פיעל מעהר ענטוויקעלטע קאַפּיטאַליסטישע צענטערן פון ענגלאַנד און אַמעריקאַ איז דער פּראָלעטאַריאַט קיינמאָל ניט געוועזען אין מאכט אפילו פאר איין טאָג. זיך פאָרצושטעלען, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אויטאָמאַטיש אָפּהענגיג פון די טעכנישע און פּראָדוקטיווע קוועלען פון

א לאַנד, הייסט פאַרשטעהן די עקאָנאָמישע לעהרע אויף א זעהר פּרימיטיווען אופן. אַזאַ באַגריף וואָלט גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט'ן מאַרקסיזם.

מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז די רוסישע רעוואָלוציע שאַפט אומשטענדען, דורך וועלכע די פּאָליטישע מאַכט קאָן (און אין פּאַל פון א זיעגרייכער רעוואָלוציע, מ ו ז) איבערגעהן אין די הענד פון דעם פּראָלעטאַריאַט איידער די פּאָליטיקער פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע וועלען האָבען א געלעגענהייט צו געבען זייער פּאָליטישער געניאַליטעט דעם פולען שוואונג.

מאַכענדיג דעם סך הכל פון די רעזולטאַטען פון דער רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע אין 1848 און 1849, האָט קאַרל מאַרקס געשריבען אין זיין קאָרעספּאָנדענץ צו דער „נויאָרק טריביון": „דער אַרבייטער־קלאַס אין דייטשלאַנד איז אין זיין סאָציאַלער און פּאָליטישער ענטוויקלונג אַזוי ווייט הינטערשטעליג פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, ווי די דייטשע בורזשואַזיע איז הינטערשטעליג פון דער בורזשואַזיע אין יענע לענדער. ווי דער בעל הבית, אַזוי איז דער אַרבייטער. די עוואָלוציאָן פון די אומשטענדען פון עקזיסטענץ פאַר א גרויסען, שטאַרקען, קאָנצענטרירטען און אינטעליגענטען פּראָלעטאַריאַט געהט האַנד אין האַנד מיט דער ענטוויקלונג פון די אומשטענדען פון עקזיסטענץ פאַר א גרויסען, רייכען, קאָנצענטרירטען מעכטיגען מיטעל־קלאַס. די אַרבייטער־באַוועגונג אַליין איז קיינמאָל ניט אומאָפּהענגיג, האָט קיינמאָל ניט א דורכאויס פּראָלעטאַרישען כאַראַקטער, ביז אַלע פאַרשידענע טיילען פון מיטעל־קלאַס, און הויפּטזעכליך זיין פּראָגרעסיווסטער טייל, — די גרויסע פאַבריקאַנטען, — האָבען פאַרכאַפּט די פּאָליטישע מאַכט און צוגעפּאַסט דעם שטאַאַט צו זייערע באַדערפניסע. דאַמאָלס ווערט אַרויסגערוקט דער אומפאַרמיידליכער קאַמפּף צווישען אַרבייטס־געבער און אַרבייטער, און ער קאָן מעהר ניט אָפּגעלעגט ווערען". די ציטאַטע דאַרף זיין באַקאַנט דעם לעזער, ווייל זי איז לעצטענס זעהר פיעל מיסברויכט גע־

וואָרען פון די פּלפּול'דיגע מאַרקסיסטען. די ציטאַטע איז גע־
ברויכט געוואָרען אַלס אַ שטאַרקער אַרגומענט געגען דער אידעע
פון אַן אַרבייטער־רעגירונג אין רוסלאַנד. די פראַגע איז געוועזן:
אויב די רוסישע קאַפּיטאַליסטישע בורזשואַזיע איז ניט גענוג
שטאַרק צו נעהמען די רעגירונגס־מאַכט אין איהרע הענד, ווי איז
דאָס מעגליך צו דענקען וועגען אַן אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע,
דאָס הייסט, וועגען אַ פּאָליטישער אויבערמאַכט פון פּראָלעטאַריאַט?

לאָמיר נעהמען באַטראַכטען די אויסזעצונג.

דער מאַרקסיזם איז הויפּטזעכליך אַ מעטאָדע פון אַנאַליזירען,
— ניט דאָס אַנאַליזירען פון טעקסט־ביכער, נאָר דאָס אַנאַליזירען
פון סאָציאַלע באַציהונגען. איז דאָס אמת, — ווען מען רעדט
וועגען רוסלאַנד, — אַז די שוואַכקייט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען
ליבעראַליזם מיינט די שוואַכקייט פון דעם אַרבייטער־קלאַס? איז
דאָס אמת, — ניט אין אַבסטראַקט, נאָר אין באַציהונג צו רוס־
לאַנד, — אַז אַן אומאָפּהענגיגע פּראָלעטאַרישע באַוועגונג איז אונ־
מעגליך, איידער די בורזשואַזיע נעמט איבער די פּאָליטישע מאַכט?
ס'איז גענוג צו פאָרמולירען די פראַגען, אום צו פאַרשטעהן, וואָסער
האָפענונגסלאָזע לאָגישע פאָרמולע עס ליגט באַהאַלטען אין דעם
פאַרזוך צו פאַרוואַנדלען קאַרל מאַרקס'עס היסטאָריש־פאַרגלייכענדע
באַמערקונג אין אַן אויבער־היסטאָרישען גרונדפּרינציפּ.

אונזער אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, אָבוואָהל זי טראָגט די
סימנים פון דער אויפבליהונגס־צייט און האָט אַן „אַמעריקאַנער"
כאַראַקטער, איז אין דער ווירקליכקייט געוואַלדיג קליין אין פאַר־
גלייך מיט דער אינדוסטריע פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען. פינף
מיליאָן מענשען, וועלכע שטעלען צוזאַמען 16.6 פּראָצענט פון דער
באַפעלקערונג וואָס איז באַשעפטיגט אין עקאָנאָמישע אונטערנעה־
מונגען, אַרבייטען אין די פאַרשידענע אינדוסטריעס אין רוסלאַנד;
זעקס מיליאָן, אָדער 22.2 פּראָצענט זיינען די פאַרגלייכונגס־צי־
פערען פאַר די פאַראייניגטע שטאַאַטען. צו האָבען אַ קלאָרען באַ־

גריף וועגען דעם, ווי גרויס עס איז ווירקליך די אינדוסטריע אין דיביידע לענדער, מוז מען געדענקען, אז די באַפעלקערונג פון רוס־לאַנד איז צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי די באַפעלקערונג פון די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען און אז די אַמעריקאַנער אינדוסטריעס האָבען אין 1900 געשאַפען פּראָדוקטען אויף דער סומע פון 25 ביליאָן רובעל, אין דער צייט, ווען די רוסישע אינדוסטריעס האָבען אין דעם זעלבען יאָהר געשאַפען פּראָדוקטען פאר קנאַפּע 2 און א האַלב ביליאָן.

ס'איז קיין ספק ניט, אז די צאָהל פון פּראָלעטאַריאַט, די שטו־פע פון זיין קאָנצענטראַציע, זיין קולטורעלער צושטאַנד און זיין פּאָליטישע וויכטיגקייט איז אַפּהענגיג פון דער שטופע פון אינדוס־טריעלער ענטוויקלונג אין יעדען לאַנד.

פונדעסטוועגען, איז די אַפּהענגיגקייט ניט קיין דירעקטע. צווישען די פּראָדוקטיווע קרעפטען פון אַ לאַנד אויף איין זייט און דער פּאָליטישער מאַכט פון די געזעלשאַפטליכע קלאַסען אויף דער אנדערער זייט, איז צו יעדען באַשטימטען מאָמענט פאַראַן א שטראָם און א געגען־שטראָם פון פארשידענע סאָציאַל־פּאָליטישע ערשיינונגען פון א נאַציאָנאַלען און אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַק־טער, וואָס ענדערען און גיבען מאנכעס מאָל א פאָלשטענדיגען גע־גענזאַץ צו דעם פּאָליטישען אויסדרוק פון עקאָנאָמישע באַציהונגען. די אינדוסטריע פון די פאראייניגטע שטאַאַטען איז א סך מעהר ענטוויקעלט, ווי די אינדוסטריע אין רוסלאַנד, אָבער די פּאָליטישע ראָלע פון די רוסישע ארבייטער, זייער איינפלוס אויף דעם פּאָלי־טישען לעבען פון זייער לאַנד, די מעגליכקייט פון זייער איינפלוס אויף וועלט־פּאָליטיק אין דער נאָהענטער צוקונפט, זיינען אונ־פארהעלטניסמעסיג גרעסער, ווי די פּאָליטישע ראָלע און דער איינ־פלוס פון דעם אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט.

אין זיין לעצטער ווערק וועגען דעם אַמעריקאַנער ארבייטער קומט קאוטסקי צום שלוס, אז ס'איז ניטאָ קיין באַלדיגע און דירעקטע

אפּהענגיגקייט צווישען דער פּאָליטישער מאַכט פון דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַ לאַנד אויף איין זייט און דער אינ־דוסטריעלער ענטוויקלונג אויף דער צווייטער זייט. „אַט זיינען צוויי לענדער“, — שרייבט ער, — „וואָס זיינען ענטגעגענגעזעצט איינס געגען צווייטען: אין איינעם פון די לענדער איז איינער פון די עלעמענטען פון מאָדערנער אינדוסטריע ענטוויקעלט אויסער פּראָפּאָרציע, דאָס הייסט, ער האָט איבערגעוואַקסען די שטופע פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג; אין דעם צווייטען לאַנד איז דאָס דער פאַל מיט'ן אַנדערען עלעמענט; אין אַמעריקאַ איז מעהר ענטוויקעלט דער קלאַס פון קאַפּיטאַליסטען; אין רוסלאַנד איז מעהר ענטוויקעלט דער אַרבייטער קלאַס. אין אַמעריקאַ איז דאָ מעהר גרונד, ווי אירגענד וואו, צו ריידען וועגען דער דיקטאַטור פון קאַפּיטאַל, אין דער צייט, ווען די אַרבייטער האָבען אין ערגיץ ניט געוואונען אַזוי פיעל איינפלוס, ווי אין רוסלאַנד, און דער איינ־פלוס האָט אַ מעגליכקייט צו וואַקסען, ווייל רוסלאַנד האָט ערשט לעצטענס אַרייגעטראָטען אין דעם פּעריאָד פון מאָדערנעם קלאַסען־קאַמפּף. קאַוטסקי ערקלערט דאַן, אַז דייטשלאַנד קאָן ביז אַ געוויסען גראַד שטודירען איהר צוקונפט פון דעם יעצטיגען צושטאַנד אין רוסלאַנד און ער זאָגט: „עס איז מאָדנע צו דענקען, אַז דאָס איז דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער צייגט אונז אונזער צו־קונפט, אויף וויפיעל דאָס איז שייך, ניט צו אָרגאַניזירונג פון קאַ־פּיטאַל, נאָר צום פּראָטעסט פון אַרבייטער קלאַס. רוסלאַנד איז דאָס העכסט־צוריקשטעהענדע פון אַלע גרויסע לענדער פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער וועלט. דאָס קאָן אויסזעהן צו זיין אַ ווידער־שפּרוך צו דער עקאָנאָמישער אויפפאַסונג פון געשיכטע, וועלכע באַטראַכט די עקאָנאָמישע מאַכט אַלס דעם באַזיס פון פּאָליטישער ענטוויקלונג. דאָס איז אָבער ניט אמת. דאָס ווידערשפּרעכט בלויז יענעם סאָרט עקאָנאָמישע אויפפאַסונג פון געשיכטע, וואָס ווערט געמאָלען פון אונזערע געגנער און קריטיקער, וועלכע זעהן דערין ניט אַ מעטאָדע צו אַנאַליזירען, נאָר

א נ ר י י ט ע ן בײשפּיעל". *) די ציטאַטען דאַרפֿען רעקאָ־מענדירט ווערען צו יענע מאַרקסיסטען, וועלכע פאַרבייטען אַן אונ־אָפּהענגיגען אַנאַליז פון סאָציאַלע באַציהונגען אויף אַן אויסצוג פון פּראַזען, וואָס קאָנען ווערען צוגעפּאַסט צו יעדען לעבענס־צו־פֿאַל. קיינער קאָן ניט אויס'פּשט'לען דעם מאַרקסיזם אַזוי אונ־פאַרשעהמט, ווי דאָס טוען די ביוראָקראַטען פון מאַרקסיזם.

לויט קאַוטסקי'ס אָפּשאַצונג, איז רוסלאַנד כאַראַקטעריזירט, עקאָנאָמיש, אַלס אויף אַ פאַרהעלטניסמעסיג נידעריגער שטופע פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג; פּאָליטיש, אַלס אַ לאַנד מיט אַ שוואַכער קאַפּיטאַליסטישער בורזשואַזיע און מיט אַ מעכטיגען אַר־בייטער־קלאַס. דאָס ברענגט אַרויס דעם פאַקט, אַז דער קאַמפּף פאַר די אינטערעסען פון רוסלאַנד אַלס אַ גאַנצע, איז געוואָרען די אויפגאַבע פון דעם איינציגען מעכטיגען קלאַס אין רוסלאַנד, פון דער אינדוסטריעלער אַרבייטערשאַפט. דאָס איז די אורזאַכע, וואָרום די אַרבייטער האָבען געוואונען אַזאַ אונגעהייערען פּאָליטישען איינפלוס. דאָס איז די אורזאַכע, וואָ־רום דער קאַמפּף פון רוסלאַנד געגען אַבסאָלוטיזם, וועלכער דער־שטיקט דאָס לאַנד, איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קאַמפּף פון אַבסאָלוטיזם געגען דער אינדוסטריעלער אַרבייטערשאַפט, אין אַ קאַמפּף, וואו די פויערים קאָנען זיין אַ באַדייטענדע הילף, אָבוואָהל זיי קאָנען קיין פיהרענדע ראָלע ניט שפּיעלען.

קאָן מען דען ניט ציהען דערפון קיין שלום, אַז די „אַרביי־טער" וועלען גיכער געווינען פּאָליטישע אויבערמאַכט אין רוסלאַנד איידער זייערע „בעלי הבתים"?

---

פּאָליטישער אָפּטימיזם באַשטעהט פון צוויי סאָרטען. איינער איבערשעצט די מעלות און די מאַכט פון דער רעוואָלוציאָן און

---

*) ק. קאַוטסקי, „דער אַמעריקאַנער און רוסישער אַרבייטער".

שטרעבט צו אזא ציעל, וואס איז אונערדרייכבאר אונטער די באַ־שטימטע אומשטענדען. דער צווייטער באשרענקט באוואוסטזיניג די אויפגאבע פון דער רעוואלוציאן און ציהט א ליניע, וועלכע די לאגיק אליין פון דער סיטואציע וועט איהם צווינגען אריבערצו־טרעטען.

איהר קענט מאכען באשרענקונגען צו אלע פראבלעמען פון דער רעוואלוציאן דורך דעם וואס איהר וועט באהויפטען, אז דאס איז א בורזשואזע רעוואלוציע אין איהרע הויפט ציעלען און אונ־פארמיידליכע רעזולטאטען, און איהר קענט פארמאכען אייערע אויגען צו דעם פאקט, אז די הויפט פיגור אין דער רעוואלוציע איז דער ארבייטער־קלאס, וועלכער שפרייזט צו פאליטישער אויבער־מאכט דורך דעם גאנג פון ערשיינונגען.

איהר קאנט זיך אליין פארזיכערען, דורך דעם וואס איהר וועט זאגען, אז אין פארלויף פון א בורזשואזע רעוואלוציאן קאן די פאַ־ליטישע אויבערמאכט פון ארבייטער־קלאס זיין בלויז א פארביי־גערענדער עפיזאד, און איהר קאנט פארגעסען, אז אויב דער ארביי־טער־קלאס וועט נאר איין מאל זיין אין מאכט, וועט ער געבען א פארצווייפעלטען ווידערשטאנד און וועט זיך ענטזאגען אונטערצוגעבען, אויסער ווען ער וועט זיין געצוואונגען פון א באוואפענטער מאכט.

איהר קאנט זיך אליין פארזיכערען, דורך דעם וואס איהר וועט זאגען, אז די סאציאלע באדינגונגען אין רוסלאנד זיינען נאך ניט רייף פאר א סאציאליסטישער ארדנונג, און איהר קאנט פארזעהן דעם פאקט, אז אויב ער וועט נאר איין מאל זיין דער בעל הבית פון דער סיטואציע, וועט דער ארבייטער־קלאס זיין געצוואונגען, א דאנק דער לאגיק פון די אומשטענדען, צו ארגאניזירען די נאַ־ציאנאלעווירטשאפט אונטער דער אויפזיכט פון שטאאט.

דאס ווארט בורזשואזע רעוואלוציאן, אן

אַלגעמיינע סאָציאַלאָגישע דעפיניציאָן, גיט ניט קיין לייזונג פאַר די פיעלע פּאָליטישע און טאַקטישע פּראָבלעמען, ווידערשפּרעכונגען און שוועריגקייטען, וואָס ווערען געשאַפען דורך דעם מעכאַניזם פון אַ באַשטימטער בורזשואַזער רעוואָלוציאָן.

צום סוף פון 18טען יאָהרהונדערט, אין די גרענעצען פון אַ בורזשואַזע רעוואָלוציאָן, וועמעס ציעל איז געווען — די פּאָליטישע איבערמאַכט פון קאַפּיטאַל — איז די דיקטאַטור פון די ס אַ נ־ ק ו ל אָ ט ע ן פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פאַקט. די דיקטאַטור איז ניט געווען קיין פאַרבייגעהענדער עפּיזאָד, זי האָט געלעגט אַ שטעמפּעל אויף דעם גאַנצען קומענדען יאָהרהונדערט נאָך דער רעוואָלוציאָן, אַבוואָהל זי איז באַלד דערשטיקט געוואָרען דורך די באַגרענצונגען פון דער רעוואָלוציאָן.

אין אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט, אין די גרענעצען פון אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע איז אויך אַ בורזשואַזע אין איהרע באַלדיגע אָביעקטיווע ציעלען, שיינט צו זיין אַן אויסזיכט פאַר אַן אונפאַר־מיידליכער, אָדער אַם וועניגסטענס פאַר אַ מעגליכער, איבער־מאַכט פון ארבייטער קלאַס אין דער נאָהענטער צוקונפט. אַז די איבערמאַכט זאָל ניט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ פאַרבייגעהענדען עפּיזאָד, ווי עס האָפען פיעלע רעאַליסטישע פיליסטער, איז אַן אויפגאַבע, וואָס דער ארבייטער קלאַס וועט פון אויג ניט ארויס־לאָזען. ס'איז דאַן אַם פּלאַץ צו פרעגען: איז עס אונפאַרמיידליך, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך אָנשטויסען אָן די באַגרענצונגען פון אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע און פּלאַצען, אָדער איז עס ניט מעגליך, אַז אונטער געוויסע א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ־ נ אַ ל ע א ו מ ש ט ע נ ד ע ן זאָל געעפענט ווערען אַ וועג פאַר אַן ענדליכען זיעג דורך דעם וואָס מען זאָל אונטערדריקען דיזעלבע באַגרענצונגען? דאַן שווימט ארויף אַ טאַקטישע פּראָב־לעם: זאָלען מיר באַוואוסטזיניג שטרעבען צו אַן ארבייטער רעגי־ רונג, ווייל די ענטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָן וועט אונז ברענ־

נען נעהנטער צו דער שטופע, אדער זאלען מיר קוקען אויף פאלי־
טישער מאכט, ווי אויף אן אומגליק, וואס די בורזשואזע רעוואלו־
ציאן איז גרייט ארויפצואווארפען אויף די ארבייטער, און וואס איז
בעסער אויסצומיידען?

3

# דער פּראָלעטאַריאַט אין מאַכט און דאָס פּויערטום

אין פאל פון אן ערפאָלגרייכער רעוואָלוציאָן געהט די פּאָלי־טישע מאַכט איבער אין די הענד פון דעם קלאַס, וואָס האָט גע־שפּיעלט אַ הערשענדע ראָלע, אין אנדערע ווערטער, די מאַכט געהט אין די הענד פון ארבייטער־קלאַס. פאַרשטענדליך, אַז רעוואָלו־ציאָנערע פאַרטרעטער פון נים־פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפטליכע גרופּען מעגען ניט אויסגעשלאָסען ווערען פון דער רעגירונג; גוטע פּאָליטיק פאָדערט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל איינלאַדען אין דער רעגירונג איינפלוסרייכע פיהרער פון דעם מיטעל־קלאַס, פון דער אינטעליגענץ און פון די פּויערים. די פּראָבלעם באַשטעהט אין דעם, ווער וועט געבען דעם עיקר אין דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, ווער וועט דאָרט צוזאַמענשטעלען אַ גלייכאַרטיגע מעהרהייט? ווען די רעגירונג באַשטעהט פון אן ארבייטער מעהרהייט, אַז ווערלבער עס קאָנען זיך אָנשליסען פאַרטרעטער פון אנדערע דעמאָקראַטישע פּאָלקס־גרופּען, איז איין זאַך; אָן אנדער זאַך איז, ווען די רעגירונג טראָגט אַן אויסגעשפּראָכענעם בורזשוא־דעמאָקראַטישען כאַראַקטער און אַר־בייטער־פאַרטרעטער ווערט ערלויבט זיך צו באַטייליגען אין דער פאָרם פון כעהר אָדער ווענינער עהרענהאַפטע משכנות.

די פּאָליטיק פון דער ליבעראַלער קאַפּיטאַליסטישער בור־זשואַזיע, ניט אַכטענדיג דאַרויף, וואָס זי איז וואַקעלדיג, וואָס זי ציהט־זיך צוריק און איז פאַלש, האָט דאָך אַ באַשטימטען כאַ־ראַקטער. די פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט האָט נאָך אַ מעהר

באשטימטען, אויסגעשפראכענעם כאראקטער. אבער די פאליטיק פון דער אינטעליגענץ איז דער רעזולטאט פון דער מיטעלמעסיגער סאציאלער פאזיציע און פאליטישער וויייכקייט פון דער גרופע; די פאליטיק פון די פויערים איז א רעזולטאט פון דער סאציאלער פאר־שידענארטיגקייט, פון דער מיטעלמעסיגער פאזיציע און פון דעם פרימיטיווען כאראקטער פון דעם קלאס; די פאליטיק פון דעם מיטעל־קלאס איז א רעזולטאט פון שוואך־קעפיגקייט, פון מיטעל־מעסיגקייט און פון דעם פאלשטענדיגען פארלאנג אנצוהאלטען די פאליטישע טראדיציעס, — אזא פאליטיק קאן קיינמאל נים זיין קלאר, אויסגעשפראכען און פעסט, און מוז זיין אונטערוואַרפען אונטער יעדער אונזיכערהייט, איבערראשונג און קאן אונערוואַר־טעט אננעהמען א נייע ווענדונג.

זיך פארצושטעלען א רעוואלוציאנערע דעמאקראטישע רעגי־רונג אהן ארבייטער־פארטרעטער, הייסט צו זעהן דעם אונזין פון אזא סיטואציע. ווען די ארבייטערשאפט זאל זיך ענטזאגען צו באטייליגען אין א רעוואלוציאנערער רעגירונג, וואלט דאס געמאכט אונמעגליך די עקזיסטענץ פון דער רעגירונג און דאס וואלט געווען גלייך ווי פארראטען די זאך פון דער רעוואלוציאן. דאס באטייליגען זיך פון דער ארבייטערשאפט אין א רעוואלוציאנערער רעגירונג איז ערלויבט סאי פון שטאנדפונקט פון אביעקטיווע מעגליכקייטען, סאי פון שטאנדפונקט וואס איז סוביעקטיוו ווינשענסווערט, ב ל ו י ז א י ן ד ע ר ר א ל ע פ ו ן א פ י ה ר ע נ ד ע ר, ה ע ר ש ע נ ד ע ר מ א כ ט. פארשטעהט זיך, אז איהר קאנט רופען אזא רעגירונג „די דיקטאטור פון דעם פראלעטאריאט און פויערטום", „די דיקטאטור פון דעם פראלעטאריאט, פון די פויערען און פון דער אינטעליגענץ", אדער „א רעוואלוציאנערע רעגירונג פון די ארבייטער און פון די נידריגע שיכטען פון מיטעל־קלאס". די פראגע וועט אבער אלץ בלייבען: ווער האט די אויבערהערשאפט אין דער רעגירונג און דורך דער רעגירונג איבער'ן לאנד? ו ו ע ן מ י ר ר י י ד ע ן ו ו עג ע ן א ז א ר ב י י ט ע ר־

רעגירונג, מיינען מיר, אז די אוי־בערהערשאַפט באַלאַנגט צום ארביי־טער־קלאַס.

דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיין אימשטאַנד אָנצוהאַלטען די פּאָזיציע בלויז אונטער איין אומשטאַנד: אויב ער וועט מאַכען ברייטער דעם באַזיס פון דער רעוואָלוציאָן.

פיעלע עלעמענטען פון דעם ארבייטער־קלאַס, הויפּטזעכליך די פּראָווינציעלע באַפעלקערונג, וועלען אריינגעצויגען ווערען אין דער רעוואָלוציאָן און קריגען זייער פּאָליטישע ערציהונג בלויז נאָך דעם ערשטען זיעג פון דער רעוואָלוציאָן, ווען דער רעוואָלוציאָנערער־וואַנגאַרד — דער שטאָדטישער פּראָלעטאַריאַט — וועט האָבען פאַרכאַפּט די רעגירונגס־מאַכט. אונטער אַזעלכע אומשטענדען וועט די ארבייט פון פּראָפּאַגאַנדאַ און אָרגאַניזאַציאָן ווערען גע־פיהרט דורך אַגענטורען פון שטאַאַט. די געזעצגעבונגס־ארבייט אַליין וועט ווערען אַ מעכטיגער מיטעל צו רעוואָלוציאָניזירען די מאַסען. די משא, וואָס איז געפאַלען אויף די פּלייצעס פון ארביי־טער קלאַס דורך די אומשטענדען פון אונזער סאָציאַלער און היס־טאָרישער ענטוויקלונג, די משא, וואָס ליגט אויף'ן וועג צו פאַר־פּאָלקאָמען אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע דורך מיטלען פון ארבייטער־קאַמפף, וועט שטעלען דעם פּראָלעטאַריאַט פנים אל פנים מיט אונ־געהייערע שווערינקייטען; פון דער צווייטער זייט, וועט דאָס געבען דעם ארבייטער־קלאַס, — אַם וועניגסטען אין ערשטען פּע־ריאָד, — אויסערגעוועהנליכע מעגליכקייטען. דאָס וועט זיך ארויסזעהן אין די באַציהונגען צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און די פּויערים.

אין די רעוואָלוציעס פון 93—1789 און 1848 איז די רעגי־רונגס מאַכט איבערגעגאַנגען פון אַבסאָלוטיזם אין די הענד פון מעסיגע בורזשואַזע עלעמענטען, וועלכע האָבען באַפרייט די פּויע־רים, איידער די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע האָט געהאַט צייט

אָדער אפילו געמאכט א פארזוך איבערצונעהמען די מאכט. דאָס באפרייטע פויערטום האט דאן פארלאָרען דעם אינטערעס אין די פאָליטישע אונטערנעהמונגען פון דער שטאָדטישער באפעלקערונג, דאָס הייסט, אין דעם ווייטערדיגען גאנג פון דער רעוואָלוציאָן; זיי האָבען מיט זיך געשאפען די נויטיגע געוויכט פאר „אָרדנונג", דעם פונדאמענט פאר יעדער געזעלשאפטליכע „דויערהאפטיגקייט", פארראטענדיג די רעוואָלוציאָן, גרייט צו אונטערשטיצען די העכסט־אבסאָלוטע רעאקציע.

די רוסישע רעוואָלוציאָן איז געגען א בורזשואזע קאָנסטיטו־ציאָנעלע אָרדנונג, וואָס וואָלט געוועזן אימשטאנד צו לייזען די פרימיטיוזסטע פראָבלעמען פון דעמאָקראטיע. די רוסישע רע־וואָלוציאָן וועט זיין געגען דעם פאר א לאנגען קומענדען פעריאָד. רעפאָרמערס פון ביוראָקראטישען חדר, אזעלכע ווי וויטע און סטאָ־ליפין, קאָנען גאָר ניט טאָן פאר די פויערים, ווייל זייער „אויפקלע־רונגס - ארבייט" ווערט כסדר פארניכטעט אין זייער אייגענעם קאמפף פאר עקזיסטענץ. דער גורל פון די עלעמענטארסטע אינ־טערעסען פון פויערטום — דער גאנצער פויערטום אלס א קלאס — איז דארום ענג פארבונדען מיט דעם גורל פון דער רעוואָלוציאָן, דאָס הייסט, מיט דעם גורל פון פראָלעטאריאט.

א ו י ב ז י י ו ו ע ל ע ן נ א ר א י י נ מ א ל ז י י ן א י ן מ א כ ט, ו ו ע ט ד ע ר פ ר אָ ל ע־ ט א ר י א ט ע ר ש י י נ ע ן פ א ר ד ע ם פ ו י ע ר־ ט ו ם אָ ל ס ז י י ן ב א פ ר י י ע ר.

פראָלעטארישע הערשאפט וועט מיינען ניט בלויז דעמאָקרא־טישע גלייכהייט, פרייע זעלבסט־רעגירונג, ארויפווארפען די משא פון שטייערען אויף די אייגענטום־קלאסען, פארגאנדערלאָזען די ארמעע צווישען דעם רעוואָלוציאָנערען פאלק, אָפשאפען די צוואנג־צאהלונגען פאר דער קירכע, נאָר אויך אנערקענען אלע רעוואָלוציאָ־נערע ענדערונגען, וואָס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פון די פויע־רים אין אגראר באציהונגען (פארנעהמען לאנד א. ד. גל). די

ענדערונגען וועלען באטראכט ווערען פון פּראָלעטאריאט אלס אן אנ־פאנג פאר ווייטערדיגע געזעצגעבונג אין אגריקולטור. אונטער אַזעלכע אומשטענדען וועט דער רוסישער פּויער זיין פּאראינטערע־סירט אויפצוהאלטען די פּראָלעטארישע הערשאַפט (די „ארבייטער דעמאָקראַטיע"), אַם וועניגסטען אין דעם ערשטען, העכסט שווע־רען פּעריאָד, ניט ווענינגער ווי די פראנצויזישע פּויערים זיינען גע־ווען פּאראינטערעסירט אויפצוהאלטען די מיליטערישע הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּארט, וועלכער האָט דורך געוואלד גאראנטירט די נייע אייגענטימער די גאנצקייט פון זייער חלק לאנד.

אָבער איז דען ניט מעגליך, אז די פּויערים זאָלען ארויסשטו־פּען די ארבייטער פון זייערע פּאָזיציעס און פּארנעהמען זייערע פּלעצער ? ניין, דאָס קאָן קיינמאָל ניט געשעהן. דאָס וואָלט גע־ווען א ווידערשפּרוך צו אַלע היסטאָרישע ערפאהרונגען. די געשיכטע האָט איבערציינגט, אז דאָס פּויערטום איז אונפעהיג צו שפּיעלען אן אונאָפּהענגיגע פּאָליטישע ראָלע.

די געשיכטע פון קאפּיטאליזם איז די געשיכטע פון דער אונ־טערוואָרפענקייט פון דאָרף אונטער דער שטאָדט. די אינדוסטריע־לע ענטוויקלונג האָט געמאכט אונמעגליך די ווייטערדיגע פעאָדאלע באציהונגען אין אַגריקולטור. דאָך האָט דאָס פּויערטום ניט גע־שאַפען קיין קלאַס, וועלכער וואָלט זיך געקאָנט ערהויבען צו דער רעוואָלוציאָנערער אויפגאַבע פון פאַרניכטען דעם פעאָדאליזם. די שטאָדט איז דאָס געווען, וואָס האָט געמאכט די דאָרפישע באַפּעל־קערונג אָפּהענגיג פון קאפּיטאַל, וואָס האָט געשאַפען רעוואָלוציאָ־נערע קרעפטען איבערצונעהמען די פּאָליטישע הערשאַפט איבער'ן דאָרף, דאָרט צו פאַרפּאָלקאָמען די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אין די בירגערליכע און פּאָליטישע באציהונגען. אין פּארלויף פון ווייטערדיגער ענטוויקלונג ווערט דאָס דאָרף אין גאנצען פאַר־שקלאַפט צו קאפּיטאַל, און די דאָרפישע באַפּעלקערונג צו קאַפּי־טאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע לעבען אויף דעם פעאָדאליזם אין פּאַרלאַמענטאַרישע פּאָליטיק, מאַכענדיג דאָס פּויערטום פּאַר זייער

פאליטישען געביעט, דעם גרונד פאר זייער וואהל־יאגעניש. דאס מאדערנע פויערטום ווערט געטריבען פון דער קאזיאנע און מילי־טעריסטישער סיסטעם פון שטאאט אין די לאפעס פון פראצענט־ניק'ס קאפיטאל, און די שטאאט־קירכע, שטאאט־שולען און קאזאר־מע פארדארבענהייט טרייבען איהם אין די לאפעס פון פראצענט־ניק'ס פאליטיק.

די רוסישע רעוואלוציאן האט אפגעגעבען אלע רעוואלוציאנע־רע פאזיציעס צום רוסישען פראלעטאריאט. זי וועט אויך דארפען אפגעבען די רעוואלוציאנערע איבערהערשאפט איבער די פויערים. ווען דער פראלעטאריאט וועט נאך איין מאל ווערען דער בעל הבית פון דער סיטואציאן, וועלען די אומשטענדען טרייבען די פויערים אנצוהאלטען די פאליטיק פון אן ארבייטער דעמאקראטיע. זיי מעגען דערביי אנווענדען ניט מעהר פאליטישע פארשטענדניס, ווי זיי ווענדען אן איינצוהאלטען א בורזשואזע ארדנונג. דער אונ־טערשיעד איז, וואס יעדע בורזשואזע פארטיי, וועלכע האט די שטימען פון די פויערים, ניצט אוים איהר מאכט צו בארויבען די פויערים, צו פארראטען זייער צוטרוי און ניט צו ערפילען זייערע ערווארטונגען, אין ערגסטען פאל, צו מאכען פלאץ פאר אן אנדער קאפיטאליסטישע פארטיי, — דער ארבייטער קלאס, געשטיצט פון פויערטום, וועט ברענגען אין באוועגונג אלע כחות צו ערהויבען דעם קולטורעלען צושטאנד פון דארף און צו מאכען ברייטער די פאלי־טישע באגריפע פון די פויערים.

אונזער שטעלונג צו דער אידעע ווענען א „דיקטאטור פון דעם פראלעטאריאט און דעם פויערטום“ איז יעצט גאנץ קלאר.

4

# פראָלעטאַרישע הערשאַפט.

דער פראָלעטאַריאַט קאָן אריין אין מאכט בלויז אין מאָמענט פון א נאַציאָנאַלען אויפשטאַנד, אין א מאָמענט פון גרויסען נאַציאָנאַלען ענטוזיאַזם. דער פראָלעטאַריאַט נעהמט איבער די מאַכט אַלס א רעוואָלוציאָנערער פארטרעטער פון פאָלק, אַלס אַן אַנערקענטער פיהרער אין דעם קאַמפף געגען אַבסאָלוטיזם און באַרבאַרישען פעאָדאַליזם. אָבער נאָכדעם, ווי ער וועט האָבען איבערגענומען די מאַכט, וועט דער פראָלעטאַריאַט אָנפאַנגען א נייע צייט, א צייט פון פּאָזיטיווער געזעצגעבונג, פון רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק, און דאָס איז דער פונקט, וואו זיין פּאָליטישע איבערמאַכט, אַלס אַן עפענטליכער וואָרטפיהרער פון פאָלק, קאָן זיין אין געפאַהר.

די ערשטע מיטלען פון פּראָלעטאַריאַט — אויסרייניגען דעם פּלאַץ פון אַלטען רעזשים און אַרויסצוטרייבען זיינע איינוואָהנער — וועלען געפינען א וואַרימע אונטערשטיצונג ביי דער גאַנצער נאַציאָן. וואָס די ליבעראַלע אויסוואורפע זאָלען אונז ניט זאָגען וועגען דער קראַפט פון מאַנכע פאָראורטיילע צווישען די מאַסען. די אַרבייט פון פּאָליטישער אָפּרייניגונג וועט געהן האַנד אין האַנד מיט דער דעמאָקראַטישער רעאָרגאַניזירונג פון אַלע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע באַציהונגען. די אַרבייטער רעגירונג, געטריבען פון באַלדיגע באַדירפניסע און פאַרלאַנגען, וועט זיך מוזען אַריינטראַכטען אין אַלערליי באַציהונגען און אין יעדער אַקטיוויטעט צווישען דעם פאָלק. זי וועט דאַרפען אַרויסוואַרפען פון דער אַרמעע און פון דער אַדמיניסטראַציע אַלע יעניגע, וועלכע האָבען

פּארפלעקט זייערע הענד מיט דעם בלוט פון פּאָלק; זי וועט דאַר־פען אויפלעזען אַלע ארמעע־רעגימענטען, וואָס זיינען אַנגעזאַפּט געוואָרען מיט פאַרברעכענס געגען דעם פאָלק. די ארבייט וועט מוזען געטאָן ווערען באַלד, אַ סך פריהער, איידער ס'וועט געגרינ־דעט ווערען אַן ערוועהלטע, פאַראַנטוואָרטליכע פּאָלקס־פאַרוואַל־טונג און אַ סך פריהער, איידער ס'וועט אָרגאַניזירט ווערען אַן אַלגעמיינע מיליץ. דאָס וועט זיין בלויז אַן אנפאַנג. די אַר־בייטער דעמאָקראַטיע וועט באַלד שטעהן פּנים אל פּנים מיט די פּראָבלעמען פון אַ נאָרמאַלען ארבייטער טאָג, אגראַר באַציהונגען און ארבייטסלאָזיגקייט. די געזעצגעבענדע לעזונג פון די פּראָבלע־מען וועט צייגען דעם קלאַסען־כאַראַקטער פון דער ארבייטער רעגירונג. זי וועט געהן אין דער ריכטונג אָפּצושאַפען דעם רעוואָלוציאָנערען צוזאַמענבונד צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּאָלק; זי וועט געבען אַ פּאָליטישען אויסדרוק צו די עקאָנאָמישע אונטערשיידונגען צווישען די פּויערים. די געגנער־שאַפט צווישען די פאַרשידענע טיילען פון פאָלק וועט וואַקסען שריט ביי שריט, צוזאַמען מיט דעם ווי די פּאָליטיק פון דער ארבייטער רעגירונג וועט ווערען מעהר אויסגעשפּראָכען. וועט פאַרלירען איהר אַלגעמיין דעמאָקראַטישען כאַראַקטער און וועט אָננעהמען אַ קלאַסען־פּאָליטיק.

דער מאַנגעל אין אינדיווידועלע בורזשואַזע טראַדיציעס און פאָראורטיילע געגען פּראָלעטאַריאַט צווישען די פּויערים און דער אינטעליגענץ וועט העלפען דעם פּראָלעטאַריאַט איבערנעהמען די מאַכט. מען דאַרף, פונדעסטוועגען, ניט פאַרגעסען, אַז דער מאַנ־געל אין פאָראורטיילע איז געשטיצט ניט אויף פּאָליטישע באַגריפע, נאָר אויף פּאָליטישען באַרבאַריזם, אויף געזעלשאַפטליכע פאָרמלאָ־זיגקייט, אויף אַ פּרימיטיווען באָדען און אויף מאַנגעל אין כאַראַק־טער. דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע מעלות, וואָס קאָנען ניט גאַראַנ־טירען קיין אונטערשטיצונג פאַר אַן אַקטיווער, אויסגעהאַלטענער, פּראָלעטאַרישער הערשאַפט.

דאָס אָפּשאָפען פון דעם איבערבלייבעכץ פון פעאָדאליזם אין אַגראַר באַציהונגען וועט אונטערשטיצט ווערען פון אַלע פויערים, וועלכע זיינען יעצט אונטערדריקט פון די לאַנד־אייגענטימער. א פּראָגרעסיווער איינקונפט־שטייער וועט אונטערשטיצט ווערען פון א גרויסער מאַיאָריטעט פון די פויערים. אבער געזעצגעבענדע מיטלען צו באַשיצען דעם דאָרפישען פּראָלעטאַריאַט (פאַרם־ארבייטער) וועלען ניט קריגען קיין אַקטיווע אונטערשטיצונג צווישען דער מעהרהייט און וועלען האָבען אַן אַקטיווע אָפּאָזיציע ביי א מינדערהייט פון די פויערים.

דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיין געצוואונגען איינצופיהרען דעם קלאַסען־קאַמפּף אין דאָרף און אויף אַזא אופן פארניכטען די שוואַכע געמיינשאַפטליכקייט פון אינטערעסען, וועלכע פאַראייניגט אָהן ספק די פויעורים אלס א גאַנצעס. אין זיין נעכסטען שריט וועט דער פּראָלעטאַריאַט מוזען זוכען אונטערשטיצונג דורך דעם, וואָס ער וועט העלפען דער אָרימער דאָרפישער באַפעלקערונג געגען די רייכע, דעם דאָרפישען פּראָלעטאַריאַט געגען דער לאַנד בורזשואַזיע. דאָס וועט פארפרעמדען די מעהרהייט פון די פויערים פון דער אַרבייטער דעמאָקראַטיע. די באַציהונגען צווישען דאָרף און שטאָדט וועלען ווערען אָנגעשטרענגט. דאָס פויערטום אלס א גאַנצעס וועט ווערען פּאָליטיש גלייכגילטיג. די פויערשע מינאָריטעט וועט זיין ענטשיעדען געגען פּראָלעטאַרישער הערשאַפט. דאָס וועט באַאיינפלוסען א טייל פון דער אינטעליגענץ און דעם מיטעל־קלאַס פון דער שטאָדט.

צוויי שטרעמונגען פון פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק האָבען א מעגליכקייט זיך אָנצושטויסען אָן דער אָפּאָזיציע פון די בונדעסגענאָסען פון ארבייט: ק אָ ל ע ק ט י ו ו י ז ם און א י נ ט ע ר נ א צ י אָ נ א ל י ז ם. די פויערים'ס שטאַרקע אנהענגערשאַפט פון פּריוואַט אייגענטום, זייערע פּרימיטיווע פּאָליטישע באַגריפע, די באַשרענקטקייט פון דאָרפּישען האָריזאָנט, זיין ווייטקייט פון וועלט־ברייטע פּאָליטישע פאַרבינדונגען, זיינען א שרעקליכע

שטערונג אויף דעם וועג פון רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער הערשאַפט.

זיך פאַרצושטעלן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַטייליגט זיך אין דער צייטווייליגער רעגירונג, שפּיעלענדיג אַ פיהרענדע ראָלע אין דעם פּעריאָד פון רעוואָלוציאָנערער, דעמאָקראַטישער איבערבויאונג, פאָדערנדיג די ראַדיקאַלסטע רעפאָרמען און האָבענדיג די גאַנצע צייט די הילף און שטיצע פון דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט, — בלויז אום אָפּצוטרעטען אָן אַ זייט, ווען דער דעמאָקראַטישער פּראָגראַם האַלט אין דורכגעפיהרט ווערען, צו לאָזען די פאַרענדיגטע געביידע אויף דעם שיקזאַל פון די בורזשואַזע פּאַרטייען און אויף אַזאַ אופן שאַפען אַ נייע צייט פאַר פּאַרלאַמענטאַרישע פּאָליטיק, וואו די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אַן אָפּאָזיציאָנס־פּאַרטיי, — זיך פאָרצושטעלען דאָס, וואָלט געהייסען צו מאַכען אַ קאָמפּראָמיס מיט דער גאַנצער אידעע וועגען אַן אַרבייטער רעגירונג. אַזעלכעס איז שווער זיך פאָרצושטעלען, ניט ווייל ס'איז „געגען פּרינציפּען" — אַזאַ אַבסטראַקטער ארט דענקען האָט ניט קיין אינהאַלט — נאָר ווייל ס'איז ניט ריכטיג, ווייל ס'איז דער ערגסטער סאָרט אוטאָפּיזם, דער רעוואָלוציאָנערער אוטאָפּיזם פון קליינבירגער.

דער אונטערשיעד וואָס מיר מאַכען צווישען אַ מינימום און מאַקסימום פּראָגראַם האָט אַ גרויסע און וויכטיגע באַדייטונג בלויז אונטער אַ בורזשואַזע הערשאַפט. די בורזשואַזע הערשאַפט אליין מאַכט צו נאָר נישט אַלע פאָדערונגען פון אונזער מינימום פּראָגראַם, דורך דער קאָנקורענץ פון פּריוואַט־אייגענטום אויף פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די פאָדערונגען זיינען דער תמצית פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָן און זיי פיהרען צו אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דעם מאָמענט אָבער, ווען אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג ווערט באַהערשט פון אַ סאָציאַליסטישער מאַיאָריטעט פאַרשווינדעט דער אונטערשיעד צווישען מינימום און מאַקסימום פּראָגראַם סאַי אַלס פּרינציפּיעלע פראַגע סאַי אין פּראַקטישע פּאָליטיק.

**אַ פּראָלעטאַרישע רעגירונג וועט אונ־טער קיינע אומשטענדען זיך ניט קאָנען האַלטען אין די גרעניצען פון אַזאַ אונטערשיעד.**

לאָמיר נעהמען דעם פאַל פון אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. ס'איז אַ באַשטימטער פאַקט, אַז אַן אַכט־שטונדיגער ארבייטס־טאָג ווידערשפּרעכט ניט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג; ס'איז דאַ־רום אין די גרענעצען פון דעם סאָציאַליסטישען מינימום פּראָ־גראַם. שטעלט זיך אָבער פאַר די איינפיהרונג פון אַן אַכט־שטונדי־גען ארבייטס־טאָג אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט, ווען אַלע סאָציאַ־לע ליידענשאַפטען זיינען אויפגעקאָכט. דער געזעץ פאַר אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג וואָלט זיך אָנגעשטויסען אָן אַן איינגע־שפּאַרטע און אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע מצד פון די קאַפּיטאַליסטען, — לאָמיר זאָגען, אין דעם פאָרם פון לאָק־אויטס און צומאַכען די פאַבריקען. הונדערטע טויזענדע ארבייטער וואָלטען ארויסגע־וואָרפען געוואָרען אויף די גאַסען. וואָס דאַרף טאָן אַ רעוואָלו־ציאָנערע רעגירונג? אַ בורזשואַזע רעגירונג, ווי ראַדיקאַל זי זאָל ניט זיין, וואָלט קיינמאָל ניט ערלויבט צו לאָזען אַ זאַך געהן אַזוי ווייט. זי וואָלט געווען מאַכטלאָז געגען דעם צומאַכען פון פאַברי־קען. זי וואָלט געווען געצוואונגען צו מאַכען קאָמפּראָמיסען. דער אַכט־שטונדיגער ארבייטס־טאָג וואָלט ניט איינגעפיהרט געוואָרען; דער אויפשטאַנד פון די ארבייטער וואָלט אונטערדריקט געוואָרען דורך דער מאַכט פון געוועהר...

אונטער דער פּאָליטישער הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט מוז דאָס איינפיהרען פון אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג האָבען גאַנץ אַנדערע קאָנסעקווענצען. דאָס צומאַכען פון פאַבריקען קאָן ניט דיענען אַלס אורזאַכע צו פאַרגרעסערען די ארבייטס־שטונדען אין אַ רעגיערונג, וועלכע פאַרטרעט ניט קאַפּיטאַל, נאָר ארבייט, און וועלכע ענטזאָגט זיך צו זיין אַן „אונפּאַרטייאישער" פאַרמיטלער, ווי דאָס טוט די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע. אַן ארבייטער רעגי־

רונג וואלט געהאט בלויז איין אויסוועג, — צו עקספראפריאירען די צוגעמאכטע פאבריקען און צו ארגאניזירען זייער ארבייט אויף א געזעלשאפטליכען באזים.

אדער לאמיר נעהמען אן אנדער ביישפיעל. א פראלעטאַרישע רעגירונג מוז דורכאויס אנגעהמען ענטשלאסענע מיטלען צו לייזען די פראבלעם פון ארבייטסלאזיגקייט. ארבייטער פארטרעטער אין א רעוואלוציאנערער רעגירונג קאנען קיין פאל ניט אוועקמאכען אונטער'ן האנד די פאדערונגען פון ארבייטסלאזיגקייט דערמיט וואס זיי וועלען זאגען, אז דאס איז א בורזשואזע רעוואלוציאן. אויב דער שטאאט פרובירט נאר איין מאל אפצושאפען ארבייטסלאזיגקייט — עס מאכט ניט אויס ווי אזוי — ווערט פארווירקליכט אן אונגעהייערער געווינס אין דער עקאנאמישער מאכט פון פראלעטאריאט. די קאפיטאליסטען, וועמעס דרוק אויף'ן ארבייטער־קלאס האט זיך געשטיצט אויף דער עקזיסטענץ פון א גרויסער ארבייטסלאזער ארמעע, וועלען שנעל באגרייפען, אז זיי זיינען עקאנאמיש מאכטלאז. עס וועט זיין די אויפגאבע פון דער רעגירונג צו פאר'משפט'ן זיי אויך צו פאליטישער מאכטלאזיגקייט.

מיטלען געגען ארבייטסלאזיגקייט מיינט אויך שאפען מיטלען צו שטיצען סטרייקערס. די רעגירונג וועט דאס מוזען אונטערנעהמען, אויב זי וויל ניט פארניכטען דעם פונדאמענט פון איהר עקזיסטענץ. פאר די קאפיטאליסטען וועט ניט בלייבען קיין אנדערע זאך, ווי צו ערקלערען „לאקאוטס" און צומאכען די פאבריקען. אזוי ווי קאפיטאליסטען קאנען אויסהאלטען לענגער, ווי ארבייטער, ווען די פראדוקציאן ווערט אפגעשטעלט, וועט פאר אן ארבייטער רעגירונג בלייבען צו ענטפערן אויף אן אלגעמיינעם „לאקאוט" בלויז מיט עקספראפריאירען די פאבריקען און אין די גרעסערע פון זיי איינפיהרען א פארם פון שטאאט אדער קאמוניסטישע פראדוקציאן.

אין אגריקולטור וועלען ארויפשווימען ענהליכע פראבלעמען אויף דעם באדען פון לאנד־עקספראפראציעס. מיר קאנען זיך ניט

פאַרשטעלען אַ פּראָלעטאַרישע רעגירונג, וואָס זאָל עקספּראָפּריאירען גרויסע פּריוואַטע גיטער מיט אַגריקולטור פּראָדוקציאָן אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב און צושניידען אויף שטיקער און פאַרקויפען צו קליינע אייגענטימער. דער איינציגער אָפענער וועג איז צו אָרגאַניזירען אין אַזעלכע גיטער קאָ־אָפּעראַטיווע פּראָדוקציאָן, אונטער אַ קאָמוניסטישער אָדער שטאַאַט־פאַרוואַלטונג. אָבער **דאָס איז דער וועג צו סאָציאַליזם.**

סאָציאַליסטען קאָנען קיינמאָל ניט איבערנעהמען די מאַכט אונטער צווייערליי פאַרפליכטונגען: איינצופיהרען דעם **גאַנצען** מינימום פּראָגראַם צוליעב דעם פּראָלעטאַריאַט, און צו האַלטען זיך שטרענג **אין די גרענעצען פון דעם פּראָגראַם** צוליעב דער בורזשואַזיע. אַזאַ צווייערליי פאַרפליכטונג קאָן קיינמאָל קיין קיום ניט האָבען. באַטייליגענדיג זיך אין דער רעגירונג ניט אַלס אַ מאַכטלאָזע משכנות, נאָר אַלס אַ פיהרענדע קראַפט, מוזען די ארבייטער פאַרטרעטער צוברעכען די ליניע צווישען דעם מינימום און מאַקסימום פּראָגראַם. **קאָלעקטיוויזם ווערט די פראַגע פון טאָג.** אויף וועלכען פּונקט דער פּראָלעטאַריאַט וועט אָפּגעשטעלט ווערען אין זיין מאַרש אין דער ריכטונג איז אָפּהענגיג ניט פון דעם אָריגינעלען צוועק פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, נאָר פון די קרעפטען וואָס וועלען זיין צוזאַמענגעשטעלט.

ס'איז דארום לעכערליך צו ריידען וועגען אַ **ספּעציעלען** כאַראַקטער פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור (אָדער אַ דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום) אין אַ בורזשואַזער רעוואָלוציאָן, נעמליך, וועגען אַ **ריין־דעמאָקראַטישער** דיקטאַטור. דער אַרבייטער־קלאַס קאָן קיינמאָל ניט פאַרזיכערען דעם דעמאָקראַטישען כאַראַקטער פון זיין דיקטאַטור, ניט איבערטרעטענדיג די גרענעצען פון זיין דעמאָקראַטישען פּראָגראַם. אילוזיעס, וואָס זיינען דער נגענטייל פון דעם, קאָנען

פונקט פון ערדרייכען אַלעם אויף אַ פאַלשטענדיג קאָנסטיטוציאָנעלען אופן: ווי באַגרענעצט זיי זאָלען ניט זיין, פארשטעהען זיי, אז ס'איז האָפנונגסלאָז צו באַקעמפּפען די פּראָלעטארישע רעוואָלוציאָן מיט וואפען פון פּאַרלאַמענטאַרישען אידיאָטיזם אין פּאַר־אויס אײדער דער פּאַרלאַמענטאַריזם אַליין וועט איינגעפיהרט. זיי קלייבען דארום אויס אַן אנדער וועג. זיי וואַרפען אַוועק דעם שטאנדפּונקט פון געזעץ און נעהמען אַן דעם שטאנדפּונקט, וואָס זיי באַטראַכטען אלס פאַקטען, — דעם שטאַנדפּונקט פון היסטאָ־רישע „מעגליכקייטען“, דעם שטאַנדפּונקט פון פּאָליטישען „רעאַ־ליזם“, — אפילו... אפילו דעם שטאַנדפּונקט פון „מאַרקסיזם“. דאָס איז געווען אַנטאָניאַ, דער פרומער ווענעציאַנער בורזשוא, וועל־כער האָט אַמאָל געמאַכט די זעהר געלונגענע באַמערקונג:

„איהר פאַרשטעהט, באַסאַניאָ, דער טייפעל קאָן ברייננגען פּסוקים פון דער ביבעל פאַר זיינע צוועקען“.

יענע העררען באַטראַכטען ניט בלויז די אידעע פון אַן ארביי־טער רעגירונג אין רוסלאַנד אלס פאַנטאַסטיש, נאָר זיי פאַרשטוי־סען יעדע מעגליכקייט פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציאָן אין אייראָפּאַ אין דער נאָהנטער היסטאָרישער עפּאָכע. זיי טענה'ן, אז די נויטיגע „פאָרבערייטונגען“ דערצו עקזיסטירען נאָך ניט.

איז דאָס אַזוי? ס'איז, פאַרשטענדליך, ניט אונזער צוועק צו באַשטימען אַ צייט פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. מיר ווילען אָבער מאַכען אַ פּאַרזוך אַוועקצושטעלען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אין אַ ריכטיגען היסטאָרישען אויסזעהן.

## 5

# פאַרבעדינגונגען צום סאָציאַליזם.

דער מאַרקסיזם האָט פאַרוואַנדעלט דעם סאָציאַליזם אין אַ וויסענשאַפט. דאָס שטערט ניט מאַנכע „מאַרקסיסטען“ צו פאַרוואַנדלען דעם מאַרקסיזם אין אַן אוטאָפּיאַ.

טראָצקי שטעלט זיך דאָ אָפּ אויף די אַרגומענטען פון נ. ראָשקאָף, אַ רוסישען מאַרקסיסט, וועלכער האָט באַהויפּטעט, אַז רוסלאַנד איז נאָך ניט רייף פאַר סאָציאַליזם, אַז איהר אינדוסטריעלע טעכניק און דער קלאַסענבאַוואוסטזיין פון איהרע אַרבייטער־מאַסען זיינען ניט גענוג אַנטוויקעלט צו מאַכען מעגליך אַ סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן, און דאָס פאַרנאַנדערטיילען פון פּראָדוקטען. דאָן קעהרט ער זיך אום צו דעם, וואָס ער רופט „פאַרברייטונגען צום סאָציאַליזם“, וועלכע זיינען לויט זיין מיינונג: 1) די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריעלער טעכניק; 2) די קאָנצענטראַציע פון פּראָדוקציאָן; 3) דער סאָציאַלער באַוואוסטזיין פון די מאַסען. אום דער סאָציאַליזם זאָל ווערען מעגליך, — זאָגט ער, — איז נויטיג, אַז יעדע פון די פאַרבעדינגונגען זאָל זיין אַנטוויקעלט אויף דער העכסטער לאָגיש־באַגרייפליכער שטופע.

די אַלע פּראָצעסען (די ענטוויקלונג פון טעכניק, קאָנצענטראַציע פון פּראָדוקציאָן, וואוקס פון מאַסען־באַוואוסטזיין) קומען פאָר איינציייטיג, און ניט נאָר העלפען זיי און סטימולירען איינער דעם אַנדערען, נאָר *זיי שטערען און באַגרענעצען* אויך איינער דעם צווייטענס ענטוויקלונג. יעדער פּראָצעס פון אַ העכערער שטופע פאָדערט די ענטוויקלונג פון אַן אַנדער פּראָצעס פון אַ נידריגער שטופע, דאָך קאָן די פאָלשטענדיגע ענטוויקלונג פון איינעם פון די פּראָצעסען ניט זיין אָפּהענגיג פון דער פאָלשטענדיגער ענטוויקלונג פון די איבריגע.

דער לאָגישער גרענעץ פון טעכנישער ענטוויקלונג, איז אַהן

צווייפעל א פאָלקאָמענער אויטאָמאַטישער מעכאַניזם, וואָס נעהמט רויהע מאַטעריאַלען פון נאַטור־אוצרות און שאַפט פון זיי גרייטע זאַכען פאַר מענשען צו געברויכען. וואָלט דער קאַפּיטאַליזם ניט געווען באַגרענעצט דורך באַציהונגען צווישען קלאַסען און דורך די קאָנזעקווענצען פון די באַציהונגען, — דעם קלאַסען־קאַמפּף, — וואָלט מען געקאָנט רעכטפערטיגען די מיינונג, אַז די אינדוסטריעלע טעכניק, נאָך דעם ווי זי דערגרייכט דעם אידעאַל פון א גרויסען אויטאָמאַטישען מעכאַניזם אין די גרענעצען פון קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיע, מוז זי דעם קאַפּיטאַליזם אָפּשאַפען.

די קאָנצענטראַציע פון פּראָדוקציאָן, וועלכע וואַקסט אַרויס פון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, האָט אין זיך א טענדענץ אַריינצושליי־דערען די גאַנצע באַפעלקערונג אין דעם אַרבייטער־קלאַס. נעה־מענדיג די טענדענץ באַזונדער פון אַלע אַנדערע, קאָן מען גערעכט־פערטיגען די מיינונג, אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט ענדליך פאַר־וואַנדלען די מעהרהייט פון פאָלק אין אַן אַרמעע פון אָרימעלייט, פאַרנאַנדערגעוואָרפען אין טורמעס. אָבער דער פּראָצעס ווערט אָפּגעשטעלט דורך רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, וואָס זיינען אונ־פאַרמיידליך אונטער א געוויסע באַציהונג צווישען סאָציאַלע קרעפ־טען. ער וועט אָפּגעשטעלט ווערען א סך פריהער, איידער ער וועט דערגרייכען זיין לאָגישען ענד־ציעל.

און דאָס זעלבע איז אמת אין באַצוג דעם סאָציאַלען מאַסען־באַוואוסטזיין. דער באַוואוסטזיין וואַקסט אָהן ספק צוזאַמען מיט דער ערפאַהרונג פון אַלטעגליכען קאַמפּף און דורך די באַוואוסט־זיניגע אָנשטרענגונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. ווען מען נעהמט באַזונדער דיזען פּראָצעס פון אַלע אַנדערע, קאָן מען זיך פאָרשטעלען, ווי ער דערגרייכט א שטופע, וואו די גרויסע מעהר־הייט פון פאָלק איז אַרומגערינגעלט מיט פּראָפעסיאָנעלע און פּאָ־ליטישע אָרגאַניזאַציעס, פאַראייניגט מיט א געפיהל פון סאָלידאַ־ריטעט און פאַר אַן איינהייטליכען צוועק. ווען מען זאָל ערלויבען אָט דעם פּראָצעס צו וואַקסען אין קוואַנטיטעט, אָהן ענדערונגען

אין קוואליטעט, וואלט דער סאציאליזם איינגעפיהרט געווארען אויף א פריעדליכען אופן, דורך אן איינשטימיגען אפמאך פון די בירגער פון 21טען אדער 22טען יאהרהונדערט. אבער די היסטארי־שע פארבערייטונגען צום סאציאליזם ענטוויקלען זיך ניט אפגעזונ־דערט איינע פון די אנדערע; זיי באגרענעצען איינע די אנדערע; דערגרייכענדיג א געוויסע שטופע, וועל־כע ווערט באשטימט דורך פיעלע אומשטענדען, אבער וועלכע איז זעהר ווייט פון זייערע מאטעמאטישע גרענעצען, מאכען זיי דורך אן ענדערונג אין קוואליטעט, און אין זייער פארוויקעלטער קאמ־בינאציע שאפען זיי, וואס מיר רופען אן, א סאציאלע רעוואלוציאן.

לאמיר נעהמען דעם לעצטען דערמאנטען פראצעס, דעם וואוקס פון סאציאלען מאסען־באוואוסטזיין. דער וואוקס קומט פאר ניט אין אקאדעמיעס, נאר אין דעם לעבען אליין פון דער מאדערנער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, אויף דעם באדען פון אונאויפ־הערליכען קלאסען־קאמפף. דער וואוקס פון פראלעטארישען קלא־סען־באוואוסטזיין מאכט דעם קלאסען־באוואוסטזיין דורכגעהן א טראנספארמאציאן; ער מאכט איהם טיעפער; ער שאפט היג־טער איהם א פרינציפיעלען פונדאמענט. ארויסרופענדיג אויף אזא איפן אן עהנליכע רעאקציאן מצד פון די הערשענדע קלאסען. דער קאמפף צווישען דעם פראלעטאריאט און דער בורזשואזיע האט זיך זיין איינגענע לאגיק; ער מוז ווערען אלץ שארפער און שארפער און ברענגען זאכען צו א העכסטער שטופע א סך פריהער, איידער די קאנצענטרירונג פון פראדוקציאן ווערט א הערשענדער פאקטאר אין עקאנאמישען לעבען. ס׳איז אויך קלאר, אז דער וואוקס פון פאליטישען באוואוסטזיין פון פראלעטאריאט איז ענג פארבונדען מיט זיין גרויסקייט אין צאהל; די דיקטאטור פון פראלעטאריאט פאדערט גרויסע מחנות פון ארבייטער, שטארק גענוג בייצושטעהן דעם ווידערשטאנד פון דער בורזשואזער קאנטער־רעוואלוציאן. דאס אבער הייסט ניט, אז די גרויסע מעהרהייט פון פאלק מוז באשטעהן פון פראלעטאריער, אדער אז די גרויסע מעהרהייט פון פראלעטא־

ריאַט מוז באַשטעהן פון איבערצייגטע סאָציאַליסטען. פאַרשטענד־ליך, אַז די קעמפּפענדע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע פון פּראָלעטאַריאַט מוז אונטער אַלע אומשטענדען זיין שטאַרקער, ווי די קעמפּפענדע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַרמעע פון קאַפּיטאַל; דאָך קאָן צווישען דיביידע לאַגערען זיין אַ גרויסע צאָהל צוויפעלהאַפטע אָדער גלייכ־גילטיגע עלעמענטען, וואָס העלפען ניט אַקטיוו דער רעוואָלוציאָן, אָבער וואָס זיינען גיכער גענייגט צו ווינשען, אַז די רעוואָלוציאָן זאָל ענדליך זיעגען. די פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט מוז דאָס אַלעס נעהמען אין אָנבעטראַכט.

דאָס איז בלויז מעגליך, וואו די אינדוסטריע הערשט איבער דער אַגריקולטור און די שטאָדט הערשט איבער'ן דאָרף.

לאָמיר וואַרפען אַן איבערבליק אויף די פאָרבערייטונגען צום סאָציאַליזם:

1) סאָציאַליזם איז ניט בלויז אַ פּראָבלעם פון פאַרנאַנדער־טיילען גלייך די פּראָדוקטען, נאָר אויך אַ פּראָבלעם פון אָרגאַניזי־רען גוט די פּראָדוקציאָן. סאָציאַליסטישע, דאָס הייסט, קאָ־אָפּע־ראַטיווע פּראָדוקציאָן אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב איז מעגליך בלויז דאָרט, וואו דער עקאָנאָמישער פּראָגרעס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, דאָס יעדער גרויסע אונטערנעמונג זאָל זיין מעהר פּראָדוקטיוו, ווי אַ קליינע. וואָס גרעסער עס זיינען די מעלות פון אַ גרויסער ביז אַ קליינער אונטערנעמונג, ד. ה., וואָס העכער עס איז די אינדוס־טריעלע ענטוויקלונג, אַלץ גרעסער מוזען זיין די עקאָנאָמישע מעלות פון אַ סאָציאַליזירטער פּראָדוקציאָן, אַלץ העכער מוז אויך זיין די קולטורעלע שטופע פון פאָלק צו קענען נעניסען דאָס גלייכע פאַרנאַנדערטיילען פון פּראָדוקטען, געשטיצט אויף אַ גוט אָרגאַ־ניזירטער פּראָדוקציאָן.

די ערשטע פאָרבערייטונג צום סאָציאַליזם האָט עקזיסטירט פיעלע יאָהרען. זייט ס'איז איינגעפיהרט געוואָרען די פאַרנאַנ־דערטיילונג פון ארבייט אין פאַבריקען; זייט דעם פּלאַץ פון ווערקשטאַטען האָבען פאַרנומען פאַבריקען, און ס'איז איינגעפיהרט

געווארען א סיסטעם פון מאשינען, — האבען גרויסע אונטערנעה־מונגען אנגעפאנגען אריינברענגען מעהר און מעהר פראפיט און פאלגליך וואלט זייער סאציאליזירונג געבראכט דאס פאלק אין א מעהר בליהענדען צושטאנד. עס וואלט ניט געווען קיין גרויסער געווינס, ווען מען וואלט מיט יאהרען צוריק געווען געמאכט, אז אלע ווערקשטאטען זאלען באלאנגען צו די בעלי מלאכות; אין דער צייט אבער, ווען אלע געדונגענע ארבייטער זאלען היינט פארנעה־מען די פאבריקען, אדער ווען דאס פאלק זאל יעצט פארנעהמען אלע מאדערנע פראדוקציאנס מיטלען, וואלט דאס זיכער פארבעסערט זייער עקאנאמישע לאגע — אין א גרעסערער מאס דארט, וואו דער פראצעס פון עקאנאמישער קאנצענטראציע איז מעהר ענטוויקעלט.

ביי דער יעצטיגער צייט, האט די סאציאלע פארנאנדערטיי־לונג פון ארבייט פון איין זייט און די מאשין־פראדוקציאן פון דער אנדערער זייט דערגרייכט אזא שטופע, וואו דער שטאאט איז די איינציגע קא־אפעראטיווע ארגאניזאציאן, וואס קאן אויסנוצען גענוי די מעלות פון קאלעקטיווער עקאנאמיע. מען קאן זיך קוים פאר־שטעלען, אז סאציאליסטישע פראדוקציאן זאל זיך באנוגענען מיט דעם ארט, וואס דער שטאאט פארנעהמט. עקאנאמישע און פא־ליטישע מאטיווען וואלטען זי נויטווענדיגערווייזע געצוואונגען ארי־בערצושפרייזען די גרענעצען פון אינדיווידועלע שטאאטען.

די וועלט האט פאר די לעצטע הונדערט אדער צוויי הונדערט יאהר געהאט אין איהר באזיץ טעכנישע ענטוויקלונגען פאר קאלעק־טיווער פראדוקציאן — אין דער אדער יענער פארם. טעכניש איז דער סאציאליזם פראפיטירבאר ניט בלויז אויף א נאציאנאלען, נאר אויך אין א גרויסער מאס אויף אן אינטערנאציאנאלען מאס־שטאב. ווארום זשע האט יעדער פארזוך צו ארגאניזירען סאציא־ליסטישע געזעלשאפטען געהאט א דורכפאל? ווארום האט די קאנצענטרירונג פון פראדוקציאן ארויסגעצייגט איהרע מעלות אין משך פון אכצעהנטען און ניינצעהנטען יאהרהונדערט ניט אין סא־ציאליסטישע, נאר אין קאפיטאליסטישע פארמען? דער ענטפער

אין, — ווייל ס'איז ניט געווען קיין סאָציאַלע קראַפט, וואָס זאָל זיין גרייט און פעהיג איינצופיהרען דעם סאָציאַליזם.

2) יעצט געהען מיר איבער פון דער פאַרבערייטונג פון אינדוסטריעלער טעכניק צו די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרבעריטונ־גען, וועלכע זיינען וועניגער אַלגעמיין און מעהר קאָמפּליצירט. ווען אונזער געזעלשאַפט וואָלט ניט געווען אַן אנטאַגאָניסטישע געזעל־שאַפט וואָס באַשטעהט פון קלאַסען, נאָר אַן איינהייטליכער שותפות פון מענשען וואָס קלייבען פאַר זיך אויס באַוואוסטזיניג די בעסטע עקאָנאָמישע סיסטעם, וואָלט געווען גענוג פּשוט אויסצורעכענען די מעלות פון סאָציאַליזם, אום צו מאַכען, אַז מענשען זאָלען אָנ־פאַנגען איבערבויען די געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות. אָבער אונזער געזעלשאַפט באַשטעהט פון ווידערשפּרעכענדע אינ־טערעסען. וואָס איז גוט פאַר איין קלאַס, איז שלעכט פאַר אַן אַנדערען. קלאַס־עגאָאיזם שטערט אַלעמענס אינטערעסען. צו מאַכען סאָציאַליזם מעגליך, דאַרף ווערען אַ סאָציאַלע מאַכט אין מיטען פון די אַנטאַגאָניסטישע קלאַסען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַ מאַכט וואָס זאָל זיך געפינען אין אַ פּאָזיציע צו זיין פאַראינטערעסירט אין דעם איינפיהרען פון סאָציאַליזם, און צו דער זעלבער צייט זיין שטאַרק גענוג בייצוקומען אַלע ווידער־שפּרעכענדע אינטערעסען און יעדען פיינדליכען ווידערשטאַנד. איינע פון די הויפּט פאַרדינסטען פון וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם באַשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט ענטדעקט אַזאַ סאָציאַלע מאַכט אין דער פּערזאָן פון פּראָלעטאַריאַט און וואָס ער האָט געצייגט, אַז דער קלאַס, וואַקסענדיג צוזאַמען מיט דעם וואוקס פון קאַפּי־טאַליזם, קען געפינען זיין לייזונג בלויז אין סאָציאַליזם ; אַז ער ווערט געטריבען צום סאָציאַליזם דורך דער פּאָזיציע וואָס ער פאַרנעמט, און אַז די לעהרע פון סאָציאַליזם אין דער געגענוואַרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט מוז נויטוועגדיגערווייזע ווערען די אידעאָלאָגיע פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

ווי ווייט, אַלזאָ, דאַרף געהן די סאָציאַלע פאַרנאַנדערטיילונג,

כדי צו רעכטפערטיגען די באהויפטונג, אז די צווייטע פארבערייטונג איז א פארווירקליכטער פאקט? מיט אנדערע ווערטער: ווי גרויס אין צאהל דארף זיין די מאכט פון פראלעטאריאט? דארפען זיי האבען א העלפט, צוויי־דריטעל, אדער ניין־צעהנטעל פון פאלק? ס'איז גאנץ נוצלאז צו מאכען א פארזוך צו פארמולירען אויף אן אריפמעטישען אופן די צווייטע פארבערייטונג צום סאציאליזם. א פארזוך אויסצודריקען די מאכט פון פראלעטאריאט בלויז אין ציפערען, וואלט געווען פארבונדען מיט פיעלע שוועריגקייען, שוין ניט רעדענדיג דערפון וואס דאס וואלט ניט געווען מעהר ווי א פלאן. ווענען זאלען מיר באטראכטען אלס א פראלעטאריער? איז א האלב־פראריעטער פויער א פראלעטאריער? זאלען מיר צורעכענען צום פראלעטאריאט יענע מעננע פון שטאדטישען רעזערוו, וועלכע — פון איין זייט, — זייגען אין די רייהען פון פאראזיטישען פראלעטאריאט פון בעטלער און גנבים און — פון דער אנדערער זייט — פילען אן די גאסען אלס ארימע קליין־הענדלער, ד. ה., אלס פאראזיטען אויף דעם עקאנאמישען קערפער, אלס א גאנצעם? אויף די פראגען איז ניט לייכט צו ענטפערען.

די וויכטיגקייט פון פראלעטאריאט באשטעהט ניט בלויז אין זיין צאהל, נאר הויפטזעכליך אין זיין ראלע אין דער אינדוסטריע. די פאליטישע איבערמאכט פון דער בורזשואזיע איז געשטיצט אויף עקאנאמישער מאכט. איידער די בורזשואזיע נעמט איבער די אויטאריטעט איבער'ן שטאאט, קאנצענטרירט זי אין איהרע הענד די נאציאנאלע מיטלען פון פראדוקציאן; פון דאנען שטאמט איהר באדייטענדער געוויכט. דער פראלעטאריאט וועט ניט האבען קיין אייגענע פראדוקציאנס מיטלען פאר דער סאציא־לער רעוואלוציאן. זיין סאציאלע מאכט איז אפהענגיג פון די אומשטענדען, וואס די פראדוקציאנס מיטלען, אין באזיץ פון דער בורזשואזיע, קענען געבראכט ווערען אין באוועגונג בלויז דורך די הענד פון דעם פראלעטאריאט. פון בורזשואזען שטאנדפונקט איז דער פראלעטאריאט אויך איינער פון די פראדוקציאנס מיטלען

און פאָרמירט צוזאַמען מיט די אַנדערע אַ גאַנצען מעכאַניזם. אָבער דער פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציגער ניט אויטאָמאַטישער טייל פון דעם מעכאַניזם, און ער קען קיינמאָל ניט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַן אויטאָמאַט, ניט אַכטענדיג אויף אַלע אַנשטרענגונגען. דאָס שטעלט אוועק דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ פּאָזיציע אָפּצושטעלען דאָס פונקציאָנירען פון דעם נאַציאָנאַלען און עקאָנאָמישען קערפּער — טיילווייז אָדער אין גאַנצען — דורך טיילווייזע אָדער אַלגעמיינע סטרייקס.

ס׳איז דאָרום קלאָר, אַז די מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט באַשטעהט ניט בלויז אין צאָהל, זיין באַדייטונג איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער מאַסע פון פּראָדוקציאָנס מיטלען, וואָס ער ברענגט אין באַוועגונג; דער פּראָלעטאַריער פון אַ גרויסער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג האָט אַ גרעסערע סאָציאַלע באַדייטונג, ווי אַן אַרבייטער אין אַ קליינעם ווערקשטאַט; אַ שטאָדטישער אַרבייטער האָט אַ גרעסערע באַדייטונג, ווי אַ פּראָלעטאַריער אין דאָרף. מיט אַנדערע ווערטער, די פּאָליטישע ראָלע פון פּראָלעטאַריאַט איז גרעסער אין אַזאַ פּראָפּאָרציע, וואָס מעהר גרויסע אינדוסטריעס הערשען איבער קליינע אינדוסטריעס — די אינדוסטריע הערשט איבער אַגריקולטור און די שטאָדט הערשט איבער׳ן דאָרף.

אין אַ געוויסען פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דייטשלאַנד אָדער ענגלאַנד, ווען דער פּראָלעטאַריאַט פון יענע לענדער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם זעלבען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, ווי דער פּראָלעטאַריאַט שטעלט היינט מיט זיך פאָר אין רוסלאַנד, האָבען זיי ניט געהאַט דעם זעלבען סאָציאַלען געוויכט, וואָס דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט יעצט. זיי האָבען דאָס ניט געקענט האָבען, ווייל זייער אָביעקטיווע וויכטיגקייט אין עקאָנאָמישען לעבען איז געווען פאַרהעלטניסמעסיג קלענער. די זעלבע ערשיינונג געפינט מען אויך אין דעם סאָציאַלען געוויכט פון די שטעדט. אין דער צייט, ווען די שטאָדטישע באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט בלויז 16 פּראָצענט פון דער גאַנצער

באפעלקערונג פון לאנד, ווי דאס איז היינט דער פאל אין רוסלאנד, האבען די דייטשע שטעדט ווייט זיך ניט געקענט פארגלייכען מיט אונזערע שטעדט אין עקאנאמישער און פאליטישער וויכטינקייט. דאס קאנצענטרירען פון גרויסע אינדוסטריעס און האנדעלס־אונטערנעמונגען אין די שטעדט און דאס באשאפען פון ענגערע באציהונגען צווישען שטאדט און דארף דורך א סיסטעם פון אייזענבאנען, האט די מאדערנע שטעדט צוגעגעבען א וויכטיגקייט, וואס שטייגט אריבער די באדייטונג פון זייער גרויסע באפעלקערונג. נאך מעהר, דער וואוקס פון זייער וויכטיגקייט שטייגט אריבער דעם וואוקס פון זייער באפעלקערונג, און די באדייטונג פון דעם וואוקס פון דער שטאדטישער באפעלקערונג שטייגט אריבער דעם גאמירליכען וואוקס פון דער גאנצער באפעלקערונג פון לאנד. אין 1848 איז די צאהל ארבייטער אין איטאליען געווען 15 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג פון לאנד, דער זעלבער פראצענט פון פראלעטאריאט, איינשליסענדיג בעל־מלאכות און קליינע ווערק־שטאטען, אין היינטיגען רוסלאנד. זיי האבען אבער געהאט א סך א קלענערע באדייטונג פון דעם אינדוסטריעלען רוסישען פרא־לעטאריאט.

די פראגע איז ניט, ווי שטארק דער פראלעטאריאט איז אין צאהל, נאר וואס איז זיין פאזיציע אין אלגעמיינעם עקאנאמישען לעבען פון לאנד.

אין די הויפט אייראפעאישע לענדער האט די שטאדטישע, באפעלקערונג, אין צאהל, די אויבערמאכט איבער דער דארפישער באפעלקערונג. א סך גרעסער איז זיין אויבערמאכט, א דאנק די אנגעזאמעלטע פראדוקציאנס מיטלען, וועלכע ער רעפרעזענטירט און א דאנק די מעלות פון זיין מענשען־מאטעריאל, ווייל די שטאדט ציהט צו די סאמע ענערגישע, פעהיגע און אינטעליגענטע עלעמענ־טען פון דארף.

מיר קומען דארום צום שלום, אז די עקאנאמישע עוואלוציאן — דער וואוקס פון אינדוסטריע, דער וואוקס פון גרויסע אונטער־

נעמונגען, דער וואוקס פון גרויסע שטעדט, דער וואוקס פון פּראָ־לעטאריאט, באַזאָנדערס דער וואוקס פון אינדוסטריעלען פּראָלע־טאריאט — האָט שוין צוגעגרייט דעם באָדען ניט בלויז פאַר דעם ק אַ מ פּ ף פון פּראָלעטאריאט פאַר פּאָליטישער מאכט, נאָר פאַר דעם ז י ע ג פון דער מאכט.

3) דאָ קומען מיר צו דער דריטער פארברייטונג, צום סאָציאַליזם, — ד י ד י ק ט א ט ו ר פ ו ן ד ע ם פּ ר אָ־ל ע ט א ר י א ט. פּאָליטיק איז דער באָדען, וואו אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פארברייטונגען קומען אין צוזאמענשטוים. אויף דעם גרונד פון געוויסע טעכנישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומ־שטענדען שטעלט א געוויסער קלאַס זיך א באַשטימטען ציעל — צו פארכאַפּען די מאכט. שטרעבענדיג צו דעם ציעל, פאראייניגט ער זיינע קרעפטען, מעסט ער די כחות פון דעם שונא און וועגט די אומשטענדען. פונדעסטוועגען איז דער פּראָלעטאריאט אפילו דאָ ניט אין גאנצען פריי: א חוץ די סוביעקטיווע מאָמענטען, ווי פארשטענדניס, פארברייטונג, איניציאַטיווע וואָס האָט איהר איינענע לאָגיק, איז פאראן א צאָהל פון אָביעקטיווע מאָמענטען, וואָס שטערען די פּאָליטיק פון פּראָלעטאריאט, — דאָס איז די פּאָליטיק פון די הערשענדע קלאַסען, די אינסטיטוציעס פון שטאַאט, (די ארמעע, די שול, די קירכע), אינטערנאַציאָנאַלע באַציהונגען, א. ד. גל.

לאָמיר פריהער ווענדען אונזער אויפמערקזאמקייט צו דעם סוביעקטיווען מאָמענט; לאָמיר פרעגען: א י ז ד ע ר פּ ר אָ ל ע ט א ר י א ט ג ר י י ט פ אַ ר א ס אָ צ י אַ־ל י ס ט י ש ע ע נ ד ע ר ו נ ג? עס איז ניט גענוג, אַז די ענטוויקלונג פון טעכניק זאָל מאכען סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיע פּראָפיטבאר פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון נאַציאָנאַלער ארבייט; עס איז ניט גענוג, אַז א סאָציאַלער אונטערשיעד, געשטיצט אויף טעכנישען פּראָגרעס, זאָל שאַפען דעם פּראָלעטאריאט, אַלס א קלאַס, וועלכער איז אָביעקטיוו

פאראינטערעסירט אין סאציאליזם. ס'איז זעהר וויכטיג, אז דער קלאס זאל פ א ר ש ט ע ה ן זיינע אביעקטיווע אינטערעסען. ס'איז נויטווענדיג, אז דער קלאס זאל ז ע ה ן אין סאציאליזם דעם איינציגען וועג צו זיין באפרייאונג. עס איז נויטווענדיג, אז ער זאל זיך פאראייניגען אין אן ארמעע, שטארק גענוג צו פארבא־ פען די רעגירונגס מאכט אין אן אפענעם קאמפף.

עס וואלט געווען א נארישקייט צו פארלייקענען די נויטווענ־ דיגקייט פאר דעם פראלעטאריאט זיך פארצובערייטען. בלויז די אלטע בלאנקיסטען האבען געקענט לעגען אלע זייערע האפנונגען אויף דער געזונדער איניציאטיווע פון אן ארגאניזאציע פון קאנספי־ ראטארס, וואס איז געגרינדעט אונאפהענגיג פון די מאסען. בלויז די אנארכיסטען האבען געקענט בויען זייער סיסטעם אויף אן אונערווארטעטען, מעסיגען אויסברוך פון די מאסען, ניט קענענדיג פאראויסזעהען די רעזולטאטען פון אזא אויסברוך. ווען די סאציאל־דעמאקראטיע רעדט וועגען פארכאפען די מאכט, דענקט זי וועגען א באשטימטען טאט פון א רעוואָ־ לוציאנערען קלאס.

ס'זיינען פאראן סאציאליסטען־אידעאלאגיסטען (אידעאלא־ גיסטען אין פאלשען זין פון ווארט, וועלכע שטעלען אלץ מיט'ן קאפ ארא אין די פיס ארויף), וועלכע ריידען וועגען פארברייטען דעם פראלעטאריאט צום סאציאליזם אלס א פראבלעם פון מאראלען ווידערגעבורט. דער פראלעטאריאט, זאגען זיי, און אפילו די „מענשהייט" אין אלגעמיין, מוז זיך פריהער באפרייען פון דער אלטער עגאאיסטישער נאטור; אלטרואיסטישע מאטיווען מוזען פריהער הערשען אין געזעלשאפטליכען לעבען. אזוי־ווי מיר זיינען נאך וויט פון דעם אידעאל, טענה'ען זיי, און אזוי־ווי די מענש־ ליכע נאטור ענדערט זיך זעהר לאנגזאם, זעהט דער סאציאליזם אויס צו זיין א פראבלעם פון גאנץ ווייטע דורות. די אנשויאונג שיינט צו זיין זעהר רעאליסטיש, עוואלוציאניסטיש, א. ד. גל.

אין דער ווירקליכקייט איז דאָס אַ צוזאַמענמישעכץ פון אנשויאונגען פון געדונגענע מאָראַל־פּרעדיגער.

יענע „אידעאַלאָגיסטען“ שטעלען זיך פאָר, אַז אַ סאָציאַליס־טישע פּסיכאָלאָגיע קען זיך אויסאַרבייטען איידער דער סאָציאַליזם ווערט איינגעפיהרט; אַז אין אַ וועלט, וואָס ווערט געהערשט פון קאַפּיטאַליזם, קענען די מאַסען זיין דורכגעדרונגען מיט אַ סאָציאַ־ליסטישער פּסיכאָלאָגיע. סאָציאַליסטישע פּסיכאָלאָגיע, ווי זי ווערט דאָ פאַרשטאַנען, איז ניט דאָס זעלבע, וואָס סאָציאַליסטישע שטרעבונגען.

סאָציאַליסטישע פּסיכאָלאָגיע מיינט די אַבוועזענהייט פון עגאָאיסטישע מאָטיווען אין עקאָנאָמישען לעבען, און סאָציאַליס־טישע שטרעבונגען זיינען דער רעזולטאַט פון דער קלאַסען־פּסיכאָ־לאָגיע פון פּראָלעטאַריאַט. קלאַס־פּסיכאָלאָגיע און סאָציאַליסטישע פּסיכאָלאָגיע, אין אַ געזעלשאַפט וואָס איז צוטיילט אויף קלאַ־סען, קען האָבען אַלגעמיינע שטריכען, דאָך זיינען זיי גאַנץ פאַר־שידען.

די קאָאָפּעראַציאָן אין דעם קאַמפּף פון פּראָלעטאַריאַט געגען עקספּלואַטאַציע האָט אין דער נשמה פון די ארבייטער ענטוויקעלט העריליכע שפּראָצונגען פון אידעאַליזם, ברידערליכע סאָלידאַריטעט, אַ גייסט פון זעלבסט־אָפּפער. דאָך קענען די שפּראָצונגען ניט וואַקסען און בליהען פריי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט: דער אינדיווידועלער קאַמפּף פאַר עקזיסטענץ, דער אָפענער אָפּגרונד פון אָרימקייט, דער אונטערשיעד צווישען ארבייטער אַליין, דער פאַרדאָרבענער איינפלוס פון די בורזשואזע פּאַרטייען, — דאָס אַלעם שטערט דעם וואוקס פון אידעאַליזם צווישען די מאַסען.

פונדעסטוועגען, איז עס אַ פאַקט, אַז כאָטש ער בלייבט עגאָאיסטיש, ווי אירגענד וועלכער פון די נידעריגע שיכטען פון מיטעל־קלאַס, כאָטש ער שטעהט ניט העכער פון דעם דורכשניט־ליכען פאַרטרעטער פון די בורזשואזע קלאַסען אין דעם „מענשלי־כען“ ווערט פון זיין פּערזענליכקייט, לערענט דער דורכשניטליכער

ארבייטער אין דער שול פון לעבענס־ערפארונג, אז זיין העכסטער פרימיטיווער וואונש און זיין העכסט נאטירליכער פארלאנג קען באפרידיגט ווערען בלויז אויף די חורבות פון דער קאפיטאליסטי־שער ארדנונג.

ווען סאציאליזם זאל מאכען א פארזוך צו שאפען א נייע מענשליכע נאטור אין די ראהמען פון דער אלטער וועלט, וואלט דאס בלויז געווען א נייע אויסגאבע פון די אלטע מאראליסטישע אוטאפיעס. די אויפגאבע פון סאציאליזם איז נים צו שאפען א סאציאליסטישע פסיכאלאגיע אלס א פארברייטונג צום סאציא־ליזם, נאר צו שאפען סאציאליסטישע באדינגונגען פאר׳ן מענשלי־כען לעבען אלס א פארברייטונג צו א סאציאליסטישער פסיכאלאגיע.



## 6

# אַן ארבייטער רעגירונג אין רוסלאַנד און סאָציאַליזם

די אָביעקטיווע נויטיגע באַדינגונגען פאַר א סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווי מיר האָבען שוין אויבען באַוויזען, זיינען געשאַפען געוואָרען דורך דעם עקאָנאָמישען פראָגרעס פון די פאָרטגעשריטענע קאפּיטאַליסטישע לענדער. אָבער וואָס איז מכח רוסלאנד ? איז דאָס מעגליך צו דענקען, אַז ווען דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרכאַפּען די מאַכט, וועט דאָס זיין אַן אָנהויב פון א סאָציאַליסטישען איבערבוי פון אונזער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע ?

מיט א יאָהר צוריק האָבען מיר אויף דער דאָזיגער פראַגע געענטפערט אין אַן ארטיקעל, וואָס איז אָהן רחמנות קריטיקירט געוואָרען אין די צייטונגען פון אונזערע ביידע פראַקציעס. מיר האָבען דאַן געשריבען אַזוי :

„די ארבייטער פון פּאַריז, זאָגט מאַרקס, האָבען נים ערוואַרטעט קיין נסים פון דער קאָמונע. מיר קענען איצטער אויך נים ערוואַרטען קיין נסים פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. רעגיערונגס מאַכט איז נים אַלמעכטיג. עס איז אַן אונזין צו דענקען, אַז אַזוי שנעל ווי דער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרכאַפּען די מאַכט, וועט ער שוין אָפּשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם און דורך עטליכע באַפעהלען גלייך איינפיהרען דעם סאָציאַליזם. די עקאָנאָמישע אָרדנונג איז נים דער פּראָדוקט פון מלוכה־טעטיגקייט. וואָס דער פּראָלעטאַריאַט וועט יא קענען טאָן איז צו מאַכען שנעלער די עקאָנאָמישע עוואָלוציאָן אויפ'ן וועג צום קאָלעקטיוויזם דורך א גאַנצער רייהע פון ענערגישע שטאַאַטס־מיטלען.

„די התחלה וועט געמאכט ווערען מיט די רעפאָרמען, וואָס ווערען אויסגערעכענט אין אונזער אַזוי גערופענעם מינימום פּראָגראַם, אָבער די סיטואַציע גופא וועט צווינגען דעם פּראָלעטאַריאַט צו געהן ווייטער אויפ'ן וועג פון קאָלעקטיוויסטישער פּראַקטיק.

„עס וועט זיין פאַרהעלטניסמעסיג גרינג איינצופיהרען דעם אַכט שטונדיגען ארבייטס־טאָג און אַ פּראָגרעסיווען שטייער, כאָטש אפילו אין אָט דעם פאַל איז די הויפּט שווערינקייט ניט אין דעם ארויסלאָזען דעם „באַפעהל“, נאָר אין דעם ווי מען וועט איהם אָנווענדען אין דער פּראַקטיק. עס וועט דאָך זיין שווער, — און דאָ קומען מיר צום קאָלעקטיוויזם — צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן אונטער מלוכה פאַרוואַלטונג אין אַזעלכע פאַבריקען און ווערקשטאַטען, וואָס וועלען געשלאָסען ווערען פון זייערע אייגענטימער אויס פּראָטעסט געגען דעם נייעם געזעץ.

„עס וועט זיין פאַרהעלטניסמעסיג לייכט ארויסצוגעבען אַ געזעץ אָפּצושאַפען דאָס רעכט פון ירושות און עס דורכפיהרען אין דער פּראַקטיק. ירושות אין דער פאָרמע פון געלד־קאַפּיטאַל וועלען דעם פּראָלעטאַריאַט ניט שטערען און אין זיין עקאָנאָמיע וועלען זיי זיך ניט אריינמישען. צו זיין דער יורש פון אַ קאַפּיטאַל, וואָס איז אריינגעלעגט אין לאַנד אין אינדוסטריע וועט פאַר אַן ארבייטער רעגיערונג מיינען צו אָרגאַניזירען דאָס עקאָנאָמישע לעבען אויף אַ קהל'שען יסוד.

„דיזעלבע ערשיינונג, אָבער נאָך אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב, וועט זיין ביי דער פראַגע וועגען עקספּראָפּריאירען (ערד) מיט אָדער אָהן באַלוינונג. עקספּראָפּריאירען מיט באַלוינונג איז פּאָליטיש ניט שווער, דערפאַר איז דאָס אָבער שווער פינאַנציעל; עקספּראָפּריאירען אָהן באַלוינונג איז ניט שווער פינאַנציעל, דערפאַר איז דאָס אָבער שווער פּאָליטיש. און גרעסער פון אַלע אנדערע שוועריגקייטען, וועלען זיין יענע, וואָס טראָגען אַן עקאָנאָמישען כאַראַקטער, די שוועריגקייטען פון אָרגאַניזירען.

„און מיר ווידערהאָלען: אַן ארבייטער רעגיערונג מיינט ניט א רעגיערונג פון נסים.

„קהל'שע פארוואלטונג וועט זיך אָנהויבען אין יענע צווייגען, וואו די שוועריגקייטען זיינען ניט אזוי גרויס. די אונטערנעמונגען וואָס וועלען פארוואלטעט ווערען אויף א קהל'שען אופן, וועלען זיין א מין אָאזיס, א מין פרוכטבארער ווינקעל אין דער מדבר פון פריוואטע אונטערנעמונגען. וואָס גרעסער עס וועט ווערען דאָס פעלד פון אונטערנעמונגען, וואָס ווערען פארוואלטעט אויף א קהל'שען אופן, וואָס באריהמטער זיי וועלען ווערען, אַלץ פעסטער וועט ווערען די פּאָזיציע פון'ם נייעם פּאָליטישען רעזשים, און אַלץ ענטשלאָסענער וועט ווערען ד' וויטערדיגע עקאָנאָמישע מיטלען פון'ם פּראָלעטאריאט. און די מיטלען וועט דער פּראָלעטאריאט אוועקשטעלען ניט בלויז אויף די נאציאָנאַלע פּראָדוקטיווע כחות, נאָר אויך אויף אינטערנאציאָנאַלע טעכניק, פונקט אזוי ווי ער שטעלט אוועק זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט ניט בלויז אויף דער ערפארונג פון'ם נאציאָנאַלען קלאַס, נאָר אויך אויף דער גאנצער היסטאָרישער ערפאהרונג פון'ם אינטערנאציאָנאַלען פּראָלע־טאריאט".

פּאָליטישע אויבערמאכט פון'ם פּראָלעטאריאט שטימט ניט מיט עקאָנאָמישער שקלאפעריי. אונטער וואָס פאר א פאָהן דער פּראָלעטאריאט זאָל זיך ניט געפינען בעת ער וועט באזיצען די מאכט, וועט ער מוזען נעהן אויפ'ן וועג פון'ם סאָציאַליזם. עס איז די גרעסטע אוטאָפּיע צו דענקען, אז דער פּראָלעטאריאט, געבראכט אויף א הויכער מדרגה פון די מאכערס פון דער בורזשואז־נער רעוואָלוציע, וועט קענען, אפילו ווען ער זאָל וועלען, באגרע־נעצען זיין מיסיאָן שאפענדיג א רעפּובליקאנער דעמאָקראטישע סביבה פאר דער סאָציאַלער אויבערמאכט פון דער בורזשואזיע. די פּאָליטישע אויבערמאכט פון'ם פּראָלעטאריאט, אפילו ווען זי זאָל זיין בלויז צייטווייליג, וועט שטארק אָפּשוואכען דעם ווידער־שטאנד פון קאפּיטאַל, וועלכער קען זיך ניט באגעהען אָהן דער

אויסאַרבייטונג, מיינט דאָס פּשוט אַ „גלייכע פאַרטיילונג“ פון ערד. די דאָזיגע פּראָגראַם פאָדערט, אַז מען זאָל עקספּראָפּרי־ אירען די גאַנצע ערד, סיי ס'איז אַ פראַגע פון פּריצים, וואָס האָבען ערד, סיי פּויערים, וואָס האָבען ערד און סיי דאָרפישע „אָבשטשינעס“ וואָס באַזיצען שטיקער ערד. און עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז אַזאַ מין עקספּראָפּריאַציע, זייענדיג איינע פון די ערשטע מיטלען וואָס די נייע רעגיערונג וועט אָנהויבען איינפיהרען אין אַ צייט ווען דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייט איז נאָך אין פולען גאַנג, וועט ברענגען דערצו, אַז די פּויערים זאָלען אָנהויבען גלויבען, אַז זיי זיינען „די קרבנות פון די רעפאָר־ מען“. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז די פּויערים האָבען צעהנדלי־ גער יאָהרען געצאָהלט אויסקויף־געלד, כדי די ערד זאָל ווערען זייער אייגענטום; אַ סך פאַרמעגליכע פּויערים האָבען זעהר אַ סך געאָפּפערט צו פאַרזיכערען גרויסע שטיקער ערד אַלס זייער פּריוואַט אייגענטום. און ווען אָט די גאַנצע ערד זאָל ווערען דאָס אייגענטום פון'ם שטאַאַט, וועלען די מיטגליעדער פון די דאָרפישע „אָבשטשינעס“ ארויסווייזען אַ ביטערען ווידערשטאַנד, און דאָס זעלבע וועלען אויך טאָן די פּריוואַט אייגענטימער פון ערד. ארויס־ קומענדיג מיט אַזאַ מין רעפאָרמע, וועט זיך די רעגיערונג מאַכען ניט פּאָפּולער צווישען די פּויערים.

און פאַר וואָס זאָל מען טאַקע קאָנפיסקירען די ערד פון די דאָרפישע „אָבשטשינעס“ און די ערד פון פּריוואַט אייגענטימער? לויט דעם פּראָגראַם פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, איז די איינצינגע נוץ, וואָס דער שטאַאַט דאַרף מאַכען פון דער ערד, — זי אוועקגעבען צו אַלע פּויערים און ערד־אַרבייטער אויף דעם גרונד פון גלייכער פאַרטיילונג. דאָס וואָלט געמיינט, אַז די קאָנפיס־ קירטע ערד פון די „אָבשטשינעס“ און קליינע אייגענטימער וואָלט סיי ווי סאַי אָפּגעגעבען געוואָרען צוריק צו איינצעלנע, אַז זיי זאָלען זי אַליין באַארבייטען. פאָלגליך, וואָלט ניט געווען קיין עקאָנאָמישער געווינס אין אַזאַ מין קאָנפיסקאַציע

און אין אזא מין פארטיילונג. פאליטיש וואלט דאס געווען א גרויסער טעות מצד דער ארבייטער רעגיערונג, מחמת דורך דעם וואלטען די פויערים־מאסען געווארען פיינדליך געשטימט נעגען דעם וואס דער פראלעטאריאט פיהרט אן די רעוואלוציע.

ענג פארבונדען מיט דער דאזיגער פראגע איז די פראגע וועגען געדונגענע ערד־ארבייטער. גלייכע פארטיילונג שליסט איין דעם פארבאט זיך צו באנוצען מיט געדונגענע ארבייטער אויף די פארמס (גיטער). דאס קען אבער בלויז זיין א רעזולטאט פון עקאנאמישע רעפארמען, דערמיט וואס מען לאזט בלויז ארויס אן „אוקאז" געגען דעם, קען מען דאס ניט אויספיהרען. עס איז ניט גענוג צו פארבאטען א גרויסען לאנד באזיצער צו דינגען ארבייטער; ווארים קודם כל מוז מען דאך זעהען, אז די ערד־ארבייטער גופא זאלען האבען פון וואס צו לעבען; נאך מעהר, דאס לעבען פון די ערד־ארבייטער מוז זיין בשפע פון דעם שטאנדפונקט פון סאציאלער עקאנאמיע. ערקלערען א גלייכע פארטיילונג פון ערד און פארבאטען געדונגענע ארבייט, וואלט געמיינט צווינגען דעם אגריקולטורעלען פראלעטאריאט זיך צו באזעצען אויף קליינע שטיקלאך ערד און פארפליכטען דעם שטאאט זיי צו פארזארגען מיט מאטעריאלען פאר זייער פראדוקציאן, וואס ברענגט קיין ריוח ניט.

עס איז קלאר, אז די אריינמישונג פון'ם פראלעטאריאט אין דער פארוואלטונג פון אגריקולטור, מוז זיך אויסדריקען ניט אין באזעצען איינצעלנע ארבייטער אויף איינצעלנע שטיקער ערד, נאר אין ארגאניזירען א שטאאטליכע, אדער א קאמו־נאלע פארוואלטונג פון גרויסע אימע־ניעס (גיטער). און שפעטער, ווען די סאציאליזירטע פראדוקציאן, וועט זיך שוין האבען גוט באפעסטיגט, וועט געמאכט ווערען א שריט ווייטער אין דער סאציאליזאציע דורך דעם וואס מען וועט פארבאטען געדונגענע ארבייט. דאס וועט אפשאפען קליינע קאפיטאליסטישע אונטערנעמונגען אין דער אגריקולטור:

עס וועט אבער לאָזען ניט באַלעסטיגט יענע פּריוואַט אייגענטימער, וועלכע באַארבייטען זייער ערד אין גאַנצען, אָדער אין אַ גרויסער מאָס דורך זייערע אייגענע פאַמיליעס. עקספּראָפּריאירען דאָס לאַנד ביי אַזעלכע אייגענטימער קען בשום אופן ניט זיין דער וואונש פון'ם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט.

דער פּראָלעטאַריאַט קען קיינמאָל ניט געבען זיין הסכמה אויף אַ פּראָגראַם פון אַזאַ מין „גלייכער פאַרטיילונג“, וועלכע פאָדערט פון איין זייט אַ נוצלאָזע, בלויז פאָרמעלע עקספּראָפּריאַציע פון קליינע אייגענטימער, און פון דער צווייטער זייט — אַ ווירקליכע פאַרטיילונג פון גרויסע גיטער אויף קליינע חלקים ערד. דאָס וואָלט געווען אָן אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט, דאָס וואָלט גלאַט געהייסען בלינד נאָכגעהן נאָך אַ רעאַקציאָנערען און אוטאָפּיסטי־שען פּלאַן, דאָס וואָלט געווען אַ פּאָליטישער שאָדען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי.

אָבער ווי ווייט קען דאָך געהן די סאָציאַליסטישע פּאָליטיק פון'ם אַרבייטער־קלאַס אין דער עקאָנאָמישער סביבה פון רוס־לאַנד? איין זאַך קענען מיר זאָגען זיכער: זי וועט באַגעגענען פּאָליטישע שטערונגען נאָך איידער זי וועט איינגעצוימט ווערען דורך דער טעכנישער צוריקגעשטאַנענקייט פון לאַנד. *אָהן דער דירעקטער פּאָליטישער הילף פון'ם אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט, וועט דער אַרבייטער קלאַס פון רוסלאַנד ניט זיין אימשטאַנד אָנצוהאַלטען זיין מאַכט און ברענגען דערצו, אַז זיין צייטווייליגע אויבערמאַכט זאָל ווערען אַ שטענדיגע סאָציאַליסטישע דיקטאַטור.* אין דעם קענען מיר ניט צווייפלען אפילו אַ מאָמענט. פון דער אַנדערער זייט ווידער, איז גאָר קיין ספק ניט, אַז *אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין מערב וועט אונז געבען די*

מעגליכקייט צו ברענגען דערצו, אז די צייטווייליגע אויבערמאכט פון'ם ארבייטער קלאס זאָל יא ווערען אַ סאָציאליסטישע דיקטאַטור.

7

# איראָפּא און די רעוואָלוציע.

אין מאָנאַט יוני, 1905, האָבען מיר געשריבען:

„פון 1848טען יאָהר אָן איז שוין אוועק מעהר ווי אַ האַלבער יאָהרהונדערט פון קאַפּיטאַליסטישע נצחונות אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס האָבען צו זיך קיין גלייכען נים. אַ האַלבער יאָהר־הונדערט פון „אָרגאַנישער" געמיינזאַמער צופּאַסונג פון די כוחות פון דער בורזשואַזיע און אויך די כוחות פון דער פעאָדאַלער רעאַקציע. אַ האַלבער יאָהרהונדערט, אין וועלכען די בורזשואַזיע האָט ארויסגעוויזען איהרע משוגענע אַפּעטיטען פאַר מאַכט אין איהר בארייטקייט צו קעמפּפען דערפאַר מיט אלע כוחות!

„ווי אַ געאיבטער מעכאַניקער זוכט אַלץ נייע און נייע מיטלען בייצוקומען אַלע שטערונגען כדי די מאַשין זאָל שטענדיג אונגע־שטערט קענען ארבייטען, אזוי האָט די בורזשואַזיע אַלע מאָל געביטען און איבערגעבויט דעם אַפּאַראַט פון איהר אויבערמאַכט אויסמיידענדיג געזעצליכע קאָנפליקטען מיט די פיינדליכע כוחות. און פונקט ווי דער מעכאַניקער פאַלט סוף כל סוף דורך ווען ער קומט צו דער שטערונג, וואָס ער קען נים בייקומען — די קאָנסער־וואַציאָן פון ענערגיע, — אזוי האָט די בורזשואַזיע געמוזט דורכ־פאַלען ווען זי האָט זיך באַגעגענט מיט דער שטערונג, וואָס מען קען נים בייקומען — דעם קלאַסען־אַנטאַגאָניזם.

„ארויפצווינגענדיג זיין עקאָנאָמישע אָרדנונג און סאָציאַלע באַציהונגען אין יעדען לאַנד, האָט דער קאַפּיטאַליזם פאַרוואַנדעלט די גאַנצע וועלט אין איין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען אָרגאַניזם. די ווירקונג פון דעם מאָדערנעם קרעדיט סיסטעם, מיט די וועקסלען

וואָס ווערען ארויסגעגעבען צווישען די טויזענדטער לייה־אונטער־נעמונגען, מיט דער אונגעהייערער באַוועגליכקייט, וואָס ס'ווערט אריינגעלעגט אין קאַפּיטאַל, האָט געדארפט אָפּשאָפען די לאָקאַלע און טיילווייזע קריזיסען, אָבער אַ שטופּ טאָן שנעל פאָראויס די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע קאָנוואולסיעס, אזוי האָט די גאַנצע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע טעטיגקייט פון'ם קאַפּיטאַליזם, מיט זיין וועלט־האַנדעל, מיט זיין סיסטעם פון ריזיגע אויסלענדישע חובות, מיט זיין פּאָליטישער גרופּירונג פון שטאַאַטען, וואָס האָט אריינגע־צווינגען אַלע רעאַקציאָנערע כוחות אין איין וועלט־שותפות, ניט דערלאָזט קיין לאָקאַלע פּאָליטישע קריזיסען, אָבער דערפאַר צוגע־גרייט אַ באָדען פאַר אַ סאָציאַלען קריזיס, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין זיין גרויס. אָנפיהרענדיג אַ שעדליכע פּאָליטיק אינעווייניג, אויסמיידענדיג שווערינקייטען, פארגלעטענדיג די טיפע פראַגען פון נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, צופּר־צענדיג אַלע געגענזאַצען, האָט די בורזשואַזיע פאַררוקט אָן אַ זייט דעם קלימאַקס, אָבער אין דער זעלבער צייט צוגעגרייט אַ ראַדיקאַ־לען באַנקראָט פון איהר מאַכט אויף דער גאַנצער וועלט. זי האָט זיך צוגעקלעפּט צו אַלע רעאַקציאָנערע כוחות, עס מאַכט ניט ווער זיי זיינען און וואָס זיי זיינען. זי איז געוואָרען חבר־לאַם מיט'ן סולטאַן. זי האָט זיך ניט פאַרבונדען מיט'ן כינעזישען הערשער, ניט דערפאַר, וואָס דער יחוס איז איהר ניט אָנגעשטאַנען, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט קיין מאַכט ניט : עס האָט זיך דער בורזשואַזיע מעהר געלוינט דעם כינעזישען הערשער צו באַרויבען איידער איהם מאַכען פאַר אַ וועלט־זשאַנדאַר און איהם דערפאַר באַצאָהלען פון איהר קאַסע. אויף אַזאַ'ן אופן איז די פעסטקייט פון דער בורזשואַזיע'ס פּאָליטישער סיסטעם געוואָרען אָפּהענגיג אָן דער פעסטקייט פון די פּראָ - קאַפּיטאַליסטישע זיילען פון רעאַקציאָן.

„דאָס גיט די פּאָסירונגען אַ אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער

און עפּענט אַ וואונדערבאַרע פּערספּעקטיווע; פּאָליטישע באַפרייאונג, אָנגעפיהרט פון׳ם ארבייטער־קלאַס אין רוסלאַנד, וועט דערהויבען דעם אָנפיהרער צו אַזאַ הויכער מדרגה, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע, דאָס וועט געבען דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט אַ ריזיגע מאַכט און איהם מאַכען אַלס דעם איניציאַטאָר פון אַ וועלטליכער ליקווידאַציע פון׳ם קאַפּיטאַליזם, צו וואָס די אָביעקטיווע נויטיגע באַדינגונגען זיינען געשאַפען געוואָרען פון דער געשיכטע".

עס איז ניט נויטיג ארויסצוזאָגען השערות ווי אַזוי די רוסישע רעוואָלוציע וועט געפינען אַ וועג צו דער אַלטער קאַפּיטאַליסטישער אייראָפּאַ. עס אז זעהר מעגליך, אז דער וועג זאָל בכלל זיין אַן איבערראַשונג. כדי צו אילוסטרירען אונזער געדאַנק איידער זאָגען נביאות, וועלען מיר דערמאָנען פּוילען אַלס דאָס מעגליכע קייטעלע, וואָס וועט פאַרבינדען דעם רעוואָלוציאָנערען מזרח מיט דעם רעוואָלוציאָנערען מערב.

און אַ רעוואָלוציאָנערע פּוילען איז ניט דער איינציגער יסוד, ניט די איינציגע התחלה פאַר אַ אייראָפּעאישער רעוואָלוציאָן. די סיסטעם פון׳ם באַוואָפּאַנטען פרידען, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין אייראָפּאַ נאָך דער פראַנצויזיש־פּרייסישער קריעג, איז אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף דעם סיסטעם פון אייראָפּעאישען גלייכגעוויכט. די ראָזיגע גלייכגעוויכט האָט אָנגענומען פאַר אַ נוטער מטבע ניט נאָר די גאַנצקייט פון טערקיי, די צוברעקעלטקייט פון פּוילען און די שמירה פון עסטרייך, וואָס האָט אַ פּנים אויף דער ערד, ווי יענער פּורים־שפּיעלער, וואָס האָט אָנגעקלעפּט אויף זיך שמאַטקעלאַך פון פאַרשידענערליי קאָלירען, נאָר אויך די עקזיסטענץ פון׳ם רוסישען דעספּאָטיזם אין דער ראָלע פון אַ זשאַנדאַרם איבער דער אייראָפּעאישער רעאַקציע, וואָס איז באַוואָפּענט פון׳ם קאָפּ ביז די פיס. די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה האָט דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ דער דאָזיגער געקינצעלטער סיסטעם, אין וועלכער דער אַבסאָלוטיזם איז געווען די הערשענדע פיגור. אויף אַן אונבאַ־

שטימטער צייט איז רוסלאנד ארויס פון די ראלסען און ניט געקענט מעהר פאררעכענט ווערען אלס אן ערשט־קלאסיגע מאכט. דאס גלייכגעוויכט איז צושטערט געווארען. פון דער צווייטער זייט ווידער, האט דער ערפאלג פון יאפאן נאך מעהר פארגרעסערט די רויבערישע אינסטינקטען פון דער קאפיטאליסטישער בורזשואזיע, ספעציעל פון דער סטאק עקססשענדזש, וועלכע שפיעלט א גרויסע ראלע אין דער מאדערנער פאליטיק. די מעגליכקייט פאר א מלחמה אויפ׳ן אייראפעאישען באדען האבען זיך צעוואקסען אלץ גרעסער און גרעסער. סכסוכים ברעכען אויס דא און דארטען; לעת עתה פארגלעט מען זיי אויף א דיפלאמאטי־שען שטייגער, אבער קיינער קען ניט גאראנטירען פאר דער נאהענ־טער צוקונפט. אבער אן אייראפעאישע מלחמה מיינט א אייראפעאישע רעוואלוציע.

אפילו אהן דעם דרוק פון אזעלכע ערשיינונגען ווי א מלחמה אדער א באנקראט, וועט א רעוואלוציע אפשר אויסברעכען אין דער נאהענטער צוקונפט אין איינער פון די אייראפעאישע לענדער, אלס א רעזולטאט פון דעם שארפען קלאסען־קאמפף. מיר ווילען ניט טרעפען אין וועלכען לאנד די רעוואלוציע וועט זיך אריינבאפען די ערשטע; עס שיינט אבער, אז דער קלאסען אנטאגאניזם איז פאר די לעצטע פאר יאהר געווארען זעהר שטארק אין אלע אייראפעאישע לענדער.

דער איינפלוס פון דער רוסישער רעוואלוציע אויף דעם אייראפעאישען פראלעטאריאט איז זעהר גרויס. די רוסישע רעוואלוציע צושטערט, ניט נאר דעם פעטערבורגער אבסאלוטיזם, די הויפט מאכט פון דער אייראפעאישער רעאקציע; נאר זי פילט אויך אן די מוחות און הערצער פונ׳ם אייראפעאישען פראלעטאריאט מיט רעוואלוציאנערער דרייסטקייט.

דער אבזיכט פון יעדער סאציאליסטישער פארטיי איז צו רעוואלוציאניזירען די מוחות פונ׳ם ארבייטער קלאס אויף דעם

זעלבען אופן ווי די ענטוויקלונג פון'ם קאפּיטאַליזם האָט רעוואָלו־ציאָניזירט די סאָציאַלע באַציהונגען. אָבער די פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציאָנס טעטיגקייט צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך איהר אייגענעם גאַנג. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אייראָפּאַ — הויפּטזעכליך די שטאַרקסטע צווישען זיי, די דייטשע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי — האָבען אויסגעאַרבייט אַן אייגענעם קאָנסער־וואַטיזם, וואָס וואַקסט אין דער פּראָפּאָרציע ווי דער סאָציאַליזם נעמט אַרום גרעסערע מאַסען און אָרגאַניזאַציעס און די דיסציפּלין ווערט גרעסער. פּאַרקערפּערענדיג די פּאָליטישע ערפאַהרונג פון'ם פּראָלעטאַריאַט, קען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ראַריבער, ביי אַ געוויסער געלעגענהייט, ווערען אַ באַלדיגע שטערונג אויפ'ן וועג פון אַן אָפענעם פּראָלעטאַרישען צוזאַמענשטויס מיט דער בורזשואַז־נער רעאַקציע. מיט אַנדערע ווערטער, דער פּראָפּאַגאַנדאַ־קאָנסער־וואַטיזם פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי קען, אין אַ געוויסען מאָמענט, שטערען דעם דירעקטען קאַמפּף וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פיהרט אָן צו קריגען די מאַכט. דער ריזיגער איינפלוס פון דער רוסישער רעוואָלוציע ווייזט זיך אַרוים אין דעם וואָס ער צושטערט דעם שימעל פון דער פּאַרטיי און דעם סאָציאַליסטישען קאָנסער־וואַטיזם, מאַכענדיג אויף אַזאַ'ן אופן אַ ריינעם קאַמפּף פון די פּראָלעטאַרישע כוחות געגען דער קאַפּיטאַליסטישער רעאַקציע אַ פראַגע פון טאָג. דער קאַמפּף פאַר אַלגעמיינער שטימרעכט אין עסטרייך, זאַקסען און פּרייסען איז געווען מעהר ענטשלאָסען אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון דעם אָקטאָבער סטרייק אין רוסלאַנד. אַ רעוואָלוציאָן אין מזרח שטעקט אָן דעם פּראָלע־טאַריאַט אין מערב מיט רעוואָלוציאָנערען אידעאַליזם און מאַכט שטאַרקער זיין ווילען צו ריידען צו זיינע שונאים „פּאָ רוסקי".

ווען דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וועט האָבען די מאַכט אין זיינע הענד, אויב דאָס זאָל אפילו זיין אַ פאַרביילויפיגע קאָמבי־נאַציע פון כוחות אין דער רוסישער בורזשואַזנער רעוואָלוציע, וועט

ער באנגענען אן ארגאניזירטען ווידערשטאנד מצד דער וועלט־רעאקציע, און די באריייטקייט פאר אן ארגאניזירטער שטיצע מצד דעם וועלט־פראלעטאריאט. אויב מען וועט דעם רוסישען ארביי־טער־קלאס איבערלאזען אליין, וועט ער מוזען דערשטיקט ווערען אין דעם מאמענט ווען ער וועט פארלירען די שטיצע פון די פויערים. עס בלייבט פאר איהם נאר אנצוהענגען דעם שיקזאל פון זיין פאלי־טישער איבערמאכט און דעם שיקזאל פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע אין׳ם שיקזאל פון דער סאציאליסטישער רעוואלוציע אין איירופא. די וויכטיגע אויטאריטעט און די פאליטישע מאכט וואס דער פראלעטאריאט וועט קריגען דורך א קאמבינאציע פון כוחות אין דער רוסישער בורזשואזנער רעוואלוציע, וועט צוגעבען מעהר געוויכט דעם קלאסען־קאמפף פון דער גאנצער קאפיטאליס־טישער וועלט. פארזארגט מיט רעגירונגס מאכט, האבענדיג א קאנטר־רעוואלוציע הינטער די פלייצעס און א אייראפעאישע רעאקציע אין פראנט, וועלען די רוסישע ארבייטער ארויסלאזען פאר די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט דעם אלטען קאמפפס־רוף, וואס וועט ווערען דער רוף פון דער לעצטער אטאקע:
**פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניגט זיך!**

## אנמערקונג:

דער ערשטער ראַט פון אַרבייטער דעפּוטאַטען איז געגרינדעט געוואָ־רען אין פּעטערבורג, דעם 13טען אָקטאָבער 1905, אין דער צייט פון דעם גרויסען אלגעמיינעם אָקטאָבער סטרייק, וועלכער האָט געצוואונגען ניקאָ־לאַי ראָמאַנאָף צו פאַרשפּרעכען אַ קאָנסטיטוציע. דער ראַט פון ארבייטער דעפּוטאַטען האָט רעפּרעזענטירט איינצעלנע פאַבריקען, ארבייטער פאַר־איינען און האָט אויך געהאַט דעלעגאַטען פון די סאָציאַליסטישע פאַר־טייען. דיזע קערפּערשאַפט האָט זיך באַטראַכט אַלס דעם צענטער פון דער רעוואָלוציע און אַלס דעם פונדאַמענט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־רעגיערונג. עהנליכע ראַטען פון אַרבייטער־דעפּוטאַטען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין פיעלע אנדערע אינדוסטריעלע צענטערס. דער פּעטערבורגער ראַט איז אַרעסטירט געוואָרען דעם 3טען דעצעמבער 1905 און האָט אויף אַזאַ אופן עקזיסטירט בלויז פופציג טעג. די מיטגלידער פון ראַט זיינען גע׳משפּט געוואָרען פון דער צאַרישער רעגירונג און פאַרשיקט געוואָרען אין סיביר.

אָרום צוויי יאָהר נאָכדעם, ווי דער ערשטער סאָוויעט איז אַרעס־טירט געוואָרען, האָט כרוסטאַלאָף נאָסאַר, דער ערשטער פּאַרזיצענדער פון סאָוויעט, זיך געטראָפען אין אויסלאַנד מיט לעאָן טראָצקי, וועלכער איז געווען דער צווייטער פּאַרזיצענדער פון סאָוויעט. (זיי זיינען ביידע אנטלאָפען פון סיביר). און דאַמאַלס האָבען זיי באַשלאָסען צו מאַכען אַ סך הכל פון זייער ערפאַהרונג מיט דעם סאָוויעט און האָבען אָנגע־שריבען אַ בוך: „די געשיכטע פון דעם ראַט פון ארבייטער־דעפּוטאַטען". דאָס בוך איז ערשינען אין פּעטערבורג אין 1908 און איז באַלד אונטער־דריקט געוואָרען. „דער סאָוויעט און די רעוואָלוציע" איז אַ קאַפּיטעל פון יענעם בוך.

אין דער טעטיגקייט פון׳ם סאָוויעט בנוגע דער פּאָסט, דעם טעלע־גראַף און די אייזענבאַהן סטרייקס זעהט טראָצקי, אין זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט, דעם אנפאַנג פון אַ סאָוויעט קאָנטראָל איבער דער גאַנצער אינ־דוסטריע פון לאַנד און איבער דער גאַנצער רעגירונגס מאַשין. ס׳איז וויכטיג אָנצוּדייטען, אַז אין דעם קאַפּיטעל באַהויפּטעט טראָצקי, דאָס „די ערשטע נייע כוואַליע פון דער רעוואָלוציע וועט פיהרען צו דער גרינדונג פון סאָוויעטען איבער׳ן גאַנצען לאַנד". אַזוי האָט ווירקליך פּאַסירט. זיין נביאות וועגען דער גרינדונג פון אַן אַל־רוסישען סאָוויעט און וועגען דעם פּראָגראַם וואָס די סאָוויעטען וועלען אָנגעמען, איז מקוים געוואָרען אין פאַרלויף פון דער רעוואָלוציאָן.

# דער סאָוויעט און די רעוואָלוציאָן

.1

די געשיכטע פון דעם סאָוויעט איז די געשיכטע פון פופציג טעג. דער סאָוויעט איז געגרינדעט געוואָרען דעם 31טען אָקטאָבער; זיין לעצטע זיצונג איז פארנאנדערגעטריבען געוואָרען דורך מיליטער דעם 3טען דעצעמבער. צווישען די טעג האָט דער סאָוויעט געלעבט און געקעמפפט.

וואָס איז געווען די אבזיכט פון דער אינסטיטוציאָן? וואָס האָט געמאכט מעגליך דעם סאָוויעט אין אזא קורצער צייט צו פארנעהמען אן עהרען־פּלאץ אין דער געשיכטע פון דעם רוסישען פּראָלעטאריאט, אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן?

דער סאָוויעט האָט אָרגאניזירט די מאסען, האָט אָנגעפיהרט פּאָליטישע סטרייקס, האָט געפיהרט פּאָליטישע דעמאָנסטראציעס, האָט זיך געסטאַרעט צו באוואפנען די ארבייטער. אָבער אנדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציאָנען האָבען געטאָן די זעלבע ארביים. דער אינהאלט פון סאָוויעט איז באשטאנען אין זיין אָנשטרענגונג צו ווערען אן אָרגאן פון געזעלשאפטליכער אויטאָריטעט. דער פּראָלעטאריאט פון איין זייט און די רעאקציאָנערע פּרעסע פון דער צווייטער זייט האָבען גערופען דעם סאָוויעט „אן ארבייטער רעגיערונג"; דאס ווארפט בלויז א ליכט אויף דעם פאקט אז דער סאָוויעט איז אין דער ווירקליכקייט געווען א וואָרצעל פאר א רעוואָלוציאָנערער רעגיערונג. אזוי לאנג ווי דער סאָוויעט האט ווירקליך געהאט די מאכט פון אויטאָריטעט, האט ער זיך מיט דער מאכט באנוצט; אזוי לאנג ווי די מאכט איז געווען אין די הענד פון דעם מיליטער

און דער ביוראָקראַטישער מאָנאַרכיע, האָט דער סאָוויעט געקעמפפט די מאַכט צו באַהערשען. איידער דער סאָוויעט האָט דערזעהן די ליכטיגע וועלט זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָנען צווישען די אינדוסטריעלע ארבייטער, מעהרסטענס סאָציאַל דעמאָ־קראַטישע. אָבער די אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געווען פאַרשפּרייט צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט; זייער באַלדיגער ציעל איז געווען צו באַאיינפלוסען די מאַסען. דער סאָוויעט איז אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט; זיין ציעל איז צו קעמפפען פאַר רעוואָלוציאָנערע מאַכט.

צו דער זעלבער צייט איז דער סאָוויעט געווען אַן אָרגאַ־ניזירטער אויסדרוק פון דעם ווילען פון פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ קלאַס. אין זיין קאַמפף פאַר מאַכט האָט דער סאָוויעט אָנגעווענדט אַזעלכע מעטאָדען, וואָס זיינען אויף אַ נאַטירליכען אופן באַשטימט געוואָרען פון דעם כאַ־ראַקטער פון פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ קלאַס; זיין טייל אין דער פּראָדוקציאָן; זיין שטאַרקייט אין צאָהל; זיין געזעלשאַפטליכע איינהייטליכקייט. אין זיין קאַמפף פאַר מאַכט האָט דער סאָוויעט פאַראייניגט אַלע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען פון דעם ארבייטער קלאַס, אריינרעכענענדיג אויך די באַשליסע וואָס זיינען גוגע צוזאַ־מענגשטויסע צווישען איינצעלנע פאַרטרעטער פון קאַפּיטאַל און ארבייט. די פאַראייניגונג איז פאַר קיין פאַל ניט געווען קיין קינסטליכע טאַקטישע פּראָבע: דאָס איז געווען אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער סיטואַציע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען אַ קלאַס, וואָס האָט באַוואוסטזיניג ענטוויקעלט און אויסגעשפּרייט זיין קאַמפף פאַר זיינע באַלדיגע אינטערעסען; דאָס איז געווען אַ דאַנק דעם, וואָס צוליעב דער לאָגיק פון אומשטענדען איז דער פּראָלעטאַריאַט געווען געצוואונגען צו פאַרנעהמען אַ פיהרענדע ראָ־לע אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפף פאַר מאַכט.

די הויפּט־וואָפען פון דעם סאָוויעט זיינען געווען — אַ פּאָ־ליטישער סטרייק פון די מאַסען. די מאַכט פון סטרייק ליגט אין

דיזאָרגאניזירען די מאכט פון דער רעגיערונג. וואס גרעסער עס איז די „אנארכיע" וואָס ווערט פון א סטרייק געשאפען, אלץ געהנטער איז זיין זיעג. דאָס איז בלויז אמת ווען „אנארכיע" ווערט נים געשאפען דורך אנארכיסטישע טאטען. דער קלאָס וואָס מאכט טאָג־איין און טאָג־אוים באוועגען די אינדוסטריעלע מאשינעריע און אויך די מאשינעריע פון דער רעגיערונג; דער קלאָס וואָס איז פעהיג, דורך דעם וואָס ער שטעלט פּלוצלונג אָפּ די ארבייט און מאשינען, צו פּאראליזירען די אינדוסטריע און די רעגיערונג, דארף זיין גענוג אָרגאניזירט נים צו פאלען דער ערשטער קרבן פון דער זעלבער „אנארכיע" וואָס ער האָט געשאפען. וואָס שטארקער עס עס איז די ווירקונג פון א סטרייק צו דעזאָרגאניזירען די רעגיערונג, אלץ מעהר איז די סטרייק אָרגאניזאציאָן געצוואונגען צו נעהמען אויף זיך די רעגיערונגס־אויפגאבען.

דער ראָט פון ארבייטער־דעלעגאטען פיהרט איין א פרייע פרעסע. ער אָרגאניזירט גאסען־פּאטראָלען אָפּצוהיטען די זיכער־הייט פון די בירגער. אין א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס נעהמט ער איבער די פּאָסט, דעם טעלעגראַף און די אייזענבאהנען. ער מאכט אָן אָנשטרענגונג איינצופיהרען דעם אכט־שטונדיגען אר־בייטס־טאָג. פּאראליזירענדיג די אויטאקראטישע רעגיערונג דורך א סטרייק, ברעננט ער אריין זיין איינענע דעמאָקראטישע אָרדנונג אין דעם לעבען פון דער שטאָדטישער ארבייטער־באפעלקערונג.

2

נאָך דעם 9טען יאַנואַר האָט די רעוואָלוציאָן ארויסגעצייגט איהר מאכט איבער די געדאנקען פון די ארבייטער מאסען. דעם 14טען יאַנואַר דורך דעם אויפשטאנד פון דער שיף פאטיאָמקין האָט די רעוואָלוציאָן געוויזען אז זי קען ווערען א מאטעריעלע קראפט. אין דעם סטרייק פון אָקטאָבער האָט זי געצייגט, אז זי האָט געקענט דיסארגאניזירען דעם שונא, פאראליזירען זיין ווילען און אין גאנצען איהם ערנידעריגען. דורך דעם וואָס עס זיינען אָרגאניזירט געוואָרען ארבייטער־דעפּוטאטען איבער'ן גאנצען לאנד האָט זי געצייגט, אז זי איז געווען פעהיג צו שאפען א מאכט פון אויטאָריטעט. רעוואָלוציאָנערע אויטאָריטעט קען זיך ניט שטיצען בלויז אויף אקטיווע רעוואָלוציאָנערע קראפט. וואָס עס זאָל ניט זיין אונזער שטאנדפונקט וועגען דער וויטערדיגער ענטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן, איז עס אָבער א פאקט, אז ביז יעצט האָט זיך קיין געזעלשאפטליכער קלאס, אויסער דעם פּראָלעטאריאט, ניט ארויסגעצייגט צו זיין גרייט אונטערצושטיצען א רעוואָלוציאָנערע מאכט פון אויטאָריטעט. די ערשטע ארבייט פון דער רעוואָלוציאָן איז געווען א צוזאמענשטויס אין די גאסען פון דעם פּראָלעטאריאט מיט דער מאָנארכיע; דער ערשטער ערנסטער זיעג פון דער רעוואָלוציאָן איז עררייכט געוואָרען פון דעם קלאסען־געוועהר פון דעם פּראָלעטאריאט, דעם פּאָליטישען סטרייק; דאָס ערשטע קערענדעל פון א רעוואָלוציאָנערער רעגיערונג איז געווען א פּראָלעטארישע פארטרעטערשאפט. דער סאָוויעט איז די ערשטע דעמאָקראטישע מאכט אין דער מאָ־

דערנער רוסישער געשיכטע. דער סאָוויעט איז די אָרגאַניזירטע מאַכט פון די מאַסען אַליין איבער די טיילען פון וועלכע זיי ווערען צוזאַמענגעשטעלט. דאָס איז אַן אמת'ע ניט געפעלשטע דעמאָקראַטיע, אָהן אַ צוויי־הייזער סיסטעם, אָהן אַ פּראָפעסיאָנעלע ביוראָקראַטיע, מיט די רעכטע פון די בירגער צוריקצורופען זייערען אַ פאַרטרעטער צו יעדער צייט און צו ערוועהלען אַ צווייטען אויף זיין פּלאַץ. דורך זיינע מיטגליעדער, דורך די דעפּוטאַטען וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען פון די ארבייטער, פיהרט דער סאָוויעט אָן די גאַנצע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ גאַנצען און פון זיינע פאַרשיעדענע טיילען; ער צייכענט אָן די שריטע וואָס דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף נעהמען, ער גיט זיי אַ לאָזונג און אַ פּאָהן. דאָס אָנפיהרען די טעטיגקייט פון די מאַסען אויף אַ באַזיס פון אַן אָרגאַניזירטער זעלבסט־רעגיערונג, איז דאָס ערשטע מאָל איינגעפיהרט געוואָרען אין רוסלאַנד. דער אַבסאָלוטיזם האָט געהערשט איבער די מאַסען, אָבער ער האָט זיי ניט געפיהרט. דער אַבסאָלוטיזם האָט אָפּגעצוימט מיט מעכאַנישע גרעניצען די לעבעדיגע שאַפענדע כחות פון די מאַסען, און אין די גרעניצען האָט ער געהאַלטען די אונרוהיגע עלעמענטען פון דעם פּאָלק מיט אַן אייזערנער לאַפּע פון אונטערדריקונג. דער איינ־ציגער מאַסען־אַבסאָלוטיזם וואָס איז אמאָל אָנגעפיהרט געוואָרען איז געווען — די אַרמעע. אָבער דאָס איז ניט געווען געפיהרט, נאָר עס איז בלויז געטאָן געוואָרען דורך באַפעהל. אין די לעצטע יאָהרען האָט אפילו דאָס פיהרען פון דער היפּנאָטיזירטער מיליטערישער מאַסע זיך אויף אַרויסגעגליטשט פון די הענד פון אַבסאָלוטיזם. דער ליבעראַליזם האָט קיין מאָל ניט געהאַט גענוג מאַכט צו באַפעהלען די מאַסען, אָדער גענוג איניציאַטיווע זיי צו פיהרען. זיין באַציהונג צו מאַסען באַוועגונגען, אַבוואָהל ער האָט געהאָלפען דירעקט דעם ליבעראַליזם, איז געווען דאָס זעלבע ווי צו נאַטור־ערשיינונגען וואָס רופען אַרויס שרעק, — ווי צו ערד־ציטערניש אָדער ווי צו אַן אויסברוך פון אַ פייער־שפּייענדען באַרג. דער

פּראָלעטאַריאַט איז ערשיענען אויף דעם שלאַכטפעלד פון דער רעוואָלוציאָן אלס א פאַרזאַמעלטע מאַסע וואָס פאַרלאָזט זיך אויף איהרע אייגענע קרעפטע, וואָס איז אין גאַנצען אונאָפּהענגיג פון דעם בורזשואַזען ליבעראַליזם.

דער סאָוויעט איז געווען א קלאַס־אָרגאַניזאַציאָן, דאָס איז געווען א קוועלע פאַר זיין קעמפּפענדער מאַכט. ער איז אונטערדריקט געוואָרען אין דעם ערשטען פּעריאָד פון זיין עקזיס־טענץ ניט צוליעב מאַנגעל אין צוטרויען מצד פון די מאַסען אין די שטעדט, נאָר דורך דער באַגרענצונג פון א ריין דאָרפישער רעוואָ־לוציאָן, דורך דער פאַרהעלטניסמעסיג גלייכגילטיגער באַציהונג פון דעם דאָרף, דורך דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די פויערישע עלעמענ־טען פון דער אַרמעע. די לאַגע פון דעם סאָוויעט צווישען דער שטאָדטישער באַפעלקערונג איז געווען אַזוי שטאַרק ווי זי האָט נאָר געקענט זיין.

דער סאָוויעט איז געווען אַן אָפיציעלער פאַרטרעטער פון דעם גאַנצען האַלב־מיליאָן פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג אין פּעטער־בורג; זיין אָרגאַניזאַציאָן האָט אַרומגענומען אַרום צוויי הונדערט טויזענד, הויפּטזעכליך אינדוסטריעלע אַרבייטער; און אָבוואָהל זיין דירעקטער און אינדירעקטער פּאָליטישער איינפלוס האָט גע־האַט א פיעל ברייטערען שוואונג, זיינען דאָך געווען טויזענדע און טויזענדע פּראָלעטאַריער (צווישען די בוי־אַרבייטער, צווישען הויז־אָנגעשטעלטע, טאָג־אַרבייטער), וועלכע זיינען קוים, און פיעלייכט אין גאַנצען, ניט בעאיינפלוסט געוואָרען פון דעם סאָוויעט. ס'איז פונדעסטוועגען קיין ספק ניט אז דער סאָוויעט האָט פאַרטראָטען די אינטערעסען פון די אַלע פּראָלעטאַרישע מאַסען. עס זיינען געווען גאַנץ ווענייג אָנהענגער פון דער „שווארצער מאה“ אין די פאַבריקען, און זייער צאָהל איז געוואָרען קלענער פון שטונדע צו שטונדע. די פּראָלעטאַרישע מאַסען פון פּעטערבורג זיינען גע־שטאַנען פעסט הינטער דעם סאָוויעט. צווישען דער אינטעליגענץ פון פּעטערבורג האָט דער סאָוויעט געהאַט מעהר פריינד ווי שונאים.

טויזענדע סטודענטען האָבען אנערקענט די פּאָליטישע פיהרער־שאַפט פון דעם סאָוויעט און דורך רעזאָלוציאָנען איהם וואַרים אונ־טערשטיצט. דאָס פּראָפעסיאָנעלע פּעטערבורג איז געווען אין גאַנ־צען אויף דער זייט פון דעם סאָוויעט. די שטיצע וואָס ער האָט ארויסגעצייגט אין דעם סטרייק פון די פּאָסט און טעלעגראַף אָנ־געשטעלטע, האָט געשאַפען דעם סאָוויעט אַ סימפּאַטיע צווישען די קלענערע רעגיערונגס־אָנגעשטעלטע. אַלע אונטערדריקטע, אַלע אומגליקליכע, אַלע עהרליכע עלעמענטען פון דער שטאָדט, די אַלע יעניגע וואָס האָבען געשטרעבט צו אַ בעסערען לעבען, — זיינען אינסטינקטיוו אָדער באוואוסטזיניג געווען אויף דעם צד פון סאָ־וויעט. דער סאָוויעט איז געווען אין דער ווירקליכקייט אַ פאָר־טרעטער פון דער גרויסער מעהרהייט פון דער באַפעלקערונג. זיינע שונאים אין דער הויפּט־שטאָדט וואָלטען ניט געווען געפעהרליך ווען זיי וואָלטען ניט געווען באשיצט פון דעם אַבסאָלוטיזם, וועל־כער האָט געשטיצט זיין מאַכט אויף די העכסט אָפּגעשטאַנענע עלעמענטען פון אַן אַרמעע וואָס ווערט רעקרוטירט פון פּויערים. די שוואַכקייט פון דעם סאָוויעט איז ניט געווען זיין אייגענע שוואַכקייט, עס איז געווען די שוואַכקייט פון אַ ריין־שטאָדטישער רעוואָלוציאָן.

די פופציג טעג זיינען געווען דער פּעריאָד פון דער גרעסטער מאַכט פון דער רעוואָלוציאָן. **דער סאָוויעט איז גע־ווען דער אָרגאַן פון דער רעוואָלוציע אין דעם קאַמפּף פאַר געזעלשאַפטליכער אויטאָריטעט.** דער קלאַסען־כאַראַקטער פון דעם סאָוויעט איז געוואָרען באַשטימט דורך דעם קלאַסען־אונטערשיעד פון דער שטאָדטישער באַפעלקערונג און דורך דער פּאָליטישער נעגנער־שאַפט צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער קאַפּיטאַליסטישער בורזשואזיע. די געגנערשאַפט האָט זיך ארויסגעצייגט אפילו אויף דעם היסטאָרישׁ באַגרעניצטען פעלד פון קאַמפּף נעגען אַבסאָלו־טיזם. נאָך דעם אָקטאָבער־סטרייק האָט די קאַפּיטאַליסטישע

בורזשואַזיע באַוואוסטזיניג געשטערט דעם פּראָגרעס פון דער רעוואָלוציאָן; דער מיטעל־קלאַס האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין אַ גולם, אַ נאַרנישט, האָט זיך ארויסעצייגט צו זיין אונ־פעהיג צו שפּיעלען אַ זעלבסטשטענדיגע ראָלע. דער אמת'ער פיהרער פון דער שטאָדטישער רעוואָלוציאָן איז געווען דער פּראָלע־טאריאַט. זיין קלאַס־אָרגאַניזאַציאָן איז געווען דער אָרגאַן פון דער רעוואָלוציע און זיין קאַמפף פאַר מאַכט.

## 3.

דער קאמפף פאר מאכט, פאר געזעלשאפטליכע אויטאָריטעט — דאָס איז געווען דער הויפּט־צוועק פון דער רעוואָלוציאָן. די פופציג טעג וואָס דער סאָוויעט האָט געלעבט און זיין בלוטיגער סוף האָבען געצייגט, אז די רוסישע שטעדט זיינען אַ צו שמאָלער באָדען פאר אזא קאמפף און אז אפילו אין די גרעניצען פון דער שטאָדטישער רעוואָלוציאָן קען אַ לאָקאלע ארגאניזאציע ניט זיין די צענטראלע פיגור. פאר אַ נאציאָנאלע אויפגאבע האָט זיך געפאָדערט אַן אָרגאניזאציאָן פון אַ נאציאָנאלען כאראקטער. דער פעטערבורגער סאָוויעט איז געווען אַ לאָקאלע אָרגאניזאציע, אָבער די נויטווענדיגקייט פון אַ צענטראלע אָרגאניזאציאָן איז געווען אזוי גרויס, אז דער סאָוויעט האָט געמוזט אָננעהמען די פיהרערשאפט אויף אַ נאציאָנאלען באזיס. ער האָט געטאָן אלעס וואָס ער האָט געקענט, דאָך איז ער הויפּטזעכליך פארבליבען דער פעטערבורגער ראט פון ארבייטער־דעפוטאטען. אויף דער דרינגענדער נויטווענדיגקייט פון אַן אַל־רוסישען ארבייטער־קאָנגרעס, וואָס וואָלט אָהן צווייפעל געהאט די אויטאָריטעט צו גרינדען אַ צענטראלע קערפערשאפט, איז אָנגעצייגט געוואָרען אפילו אין דער צייט פון דעם ערשטען סאָוויעט. דער רעצעסער־דורכפאל האָט געמאכט אונמעגליך דאָס צו פארווירקליכען. די אידעע איז פארבליבען, אַ ירושה איז פארבליבען פון די פופציג טעג.

די אידעע פון אַ סאָוויעט איז געוואָרען איינגעקריצט אין דעם באוואוסטזיין פון די ארבייטער אלס די ערשטע נויטווענדיגקייט פאר אַ רעוואָלוציאָנערען ארויסטריט פון די מאסען. די ערפאהרונג האָט געצייגט, אז אַ סאָוויעט איז ניט מעגליך אָדער ניט ווינשענסווערט אונטער אַבי־וועלכע אומשטענדען. דער הויפּט־גרונד

פון דער סאָוויעט־אָרגאַניזאַציע איז צו שאַפען אומשטענדען פאַר דיזאָרגאַניזירען די רעגיערונג, פאַר „אַנאַרכיע", מיט אנדערע ווער־טער, פאַר אַ רעוואָלוציאָנערען צוזאַמענשטוים. דער איצטיגער שטילשטאַנד אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דער ווילדער זיעג פון דער רעאַקציע, מאַכען אונמעגליך די עקזיסטענץ פון אַן עפענטליכער וועהלענדער אָרגאַניזאַציאָן פון אויטאָריטעט פון די מאַסען. עס איז פונדעסטוועגען קיין ספק ניט, אַז די ערש־טע נייע כוואַליע פון דער רעוואָלוציאָן וועט פיהרען צו דעם אַז עס זאָלען גע־שאַפען ווערען סאָוויעטען איבער'ן גאַנ־צען לאַנד. אַן אַל־רוסישער סאָוויעט, אָרגאַניזירט דורך אַן אַל־רוסישען ארבייטער קאָנגרעס, וועט איבערנעהמען די פיהרער־שאַפט פון די לאָקאַלע וועהלענדע אָרגאַניזאַציעס פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט. נעמען זיינען, פאַרשטענדליך, ניט וויכטיג; אויך איז ניט וויכטיג אָנצודייטען איינצעלהייטען פאַר אזא אָרגאַניזאַציאָן; די הויפּט זאַך איז: אַ צענטראַליזירטע דעמאָקראַטישע פיהרער־שאַפט אין דעם קאַמפף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר אַ פאָלקס־רעגיערונג. היסטאָריע ווערט ניט איבערגע'חזר'ט, און דער נייער סאָוויעט וועט ניט דאַרפען ווידער דורכגעהן די זעלבע ערפאַה־רונג פון די פופציג טעג. די פופציג טעג וועלען אָבער קענען דיענען אלס אַ פאָלשטענדיגער פּראָגראַם פון טעטיגקייט פאַר דעם צוקינפטיגען סאָוויעט.

דאָס פּראָגראַם איז זעהר קלאָר:

צו שאַפען רעוואָלוציאָנערע פאַרבינדונגען מיט דער אַרמעע, מיט די פּויערים און מיט די נידריגע שיכטען פון דער שטאָדטישער בורזשואַזיע. אָפּצושאַפען דעם אַבסאָלוטיזם. צו פאַרניכטען די מאַטעריעלע אָרגאַניזאַציע פון אַבסאָלוטיזם דורך ווידער־אויפבויען און טיילווייז פאַנאַנדערלאָזען די אַרמעע. צו צוברעכען אין גאַנצען די ביוראָקראַטישע מאַשינעריע. איינצופיהרען אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. צו באַוואָפנען די באַפעלקערונג, אָנ־

פאַנגענדיג מיט דעם פּראָלעטאַריאַט. צו פאַרוואַנדלען די סאָ־וויעטען אין קערפּערשאַפטען פון אַ רעוואָלוציאָנערע זעלבסט־רע־גיערונג אין די שטעדט. צו גרינדען ראַטען פון פויערים־דעלע־גאַטען (פויערים קאָמיטעם) אלס לאָקאַלע קערפּערשאַפטען פון דער אגראַרישער רעוואָלוציאָן. צו אָרגאַניזירען וואַהלען פאַר דער קאָנ־סטיטואירענדער פאַרזאַמלונג און אָנצופיהרען אַ פאַר־וואַהל קאַמפּף פאַר אַ באַשטימטען פּראָגראַם, וואָס זאָל ארויסגעשטעלט ווערען פון די פאַרטרעטער פון פאָלק.

ס'איז לייכטער צוזאַמענצושטעלען אַזאַ פּראָגראַם ווי איהם דורכצופיהרען. דאָך, אויב די רעוואָלוציאָן וועט אַמאָל געווינען, קען דער פּראָלעטאַריאַט קיין אַנדער פּראָגראַם ניט אויסקלייבען. דער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַנאַנדערוויקלען די פאַרווירקליכטע רעוואָלוציאָנערע טאַטען, וועלכע די וועלט האָט נאָך קיין מאָל ניט געזעהן. די געשיכטע פון די פופציג טעג וועט זיין בלויז אַ בלאַסע זייט אין דעם גרויסען בוך פון דעם פּראָלעטאַרישען קאַמפּף און ענדליכען זיעג.

אנמערקונג:

„ערב רעוואָלוציאָן" האָט טראָצקי אָנגעשריבען אין ניו יאָרק דעם 13טען מערץ 1917, ווען ס'איז אָנגעקומען די ערשטע נייעס וועגען די אונרוהען אין פעטראָגראַד.

# ערב רעוואָלוציאָן.

די גאַסען פון פעטראָגראַד רעדען ווידער די שפּראַך פון 1905. ווי אין די צייטען פון דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער קריעג, פאַדערען די מאַסען ברויט, פריעדען און פרייהייט. ווי אין 1905 זיינען די טראַמווייען און צייטונגען אָפּגעשטעלט געוואָרען. די ארבייטער האָבען אָפּגעשטעלט די מאַשינען, זיי האָבען פאַרלאָזען די ווערק־שטאַטען און זיינען ארויס אין׳ די גאַסען. די רעגיערונג מאָביליזירט איהרע קאַזאַקען. און אַזוי ווי אין 1905, האָבען פּנים אל פּנים זיך געטראָפען אין די גאַסען דיזעלבע צוויי קרעפטען — די רע־וואָלוציאָנערע ארבייטער און די ארמעע פון דעם צאַר.

די באַוועגונג איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך מאַנגעל אין ברויט. דאָס איז פאַרשטענדליך ניט קיין צופעליגע אורזאַכע. אין אַלע קריעגס־פיהרענדע לענדער איז דער מאַנגעל אין ברויט די דירעקטע און שאַרפסטע אורזאַכע פאַר אונצופרידענהייט און צאָרן צווישען די מאַסען. דער גאַנצער משוגעת פון דער מלחמה ווערט פאַר זיי ענטדעקט פון דעם פונקט : עס איז אונמעגליך צו שאַפען לעבענסמיטלען, ווייל מען דאַרף שאַפען מאַשינען וואָס זאָלען קאָנען טויטען וואָס מעהר מענשען.

די פּראָבעס פון די ענגליש־רוסישע האַלב אָפיציעלע נייעס־אגענטורען צו ערקלערען די באַוועגונג אַלס רעזולטאַט פון א צייט־ווייליגען מאַנגעל אין שפּייז, אדער אלס רעזולטאַט פון שנעע־שטור־רעמס, צוליעב וועלכע ס׳איז פאַרהאַלטען געוואָרען דאָס פאַרנאַנ־ד׳ערפיהרען פון לעבענס־מיטלען, זיינען די לעכערליכסטע, אז מען

זאָל די ערקלערונג קאָנען גלויבען. די ארבייטער וואָלטען ניט אָפּ־געשטעלט די פאַבריקען, די טראַמווייען, די דרוקערייען און ארויס אין די גאַסען צו טרעפען זיך פּנים אל פּנים מיט'ן צאַריזם צוליעב שנעע־שטורמס, וואָס האָבען צייטווייליג פארהאַלטען דאָס אָנקור־מען פון שפייז־מיטלען.

מענשען האָבען א גרויסען זכרון. פיעלע פון אונזערע אייגענע רייהען האָבען פארגעסען אז די מלחמה האָט געטראָפען רוסלאנד ווען זי איז געווען ארומגעכאַפּט אין א מעכטיגען רעוואָלוציאָנערען פלאַם. נאָכ'ן אונטערדריקטען צושטאַנד פון 1908־1912, האָט דער פּראָ־לעטאַריאַט ביסלעכווייז פארהיילט זיינע וואונדען אין די נעכסטע יאָהרען פון דער אינדוסטריעלער אויפבליהונג ; דאָס אויסשעכ־טען פון סטרייקערס אויף דעם טייך לענא אין אפּריל 1912, האָט ערוועקט די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון די פּראָלעטאַרישע מאַ־סען. א רייהע פון סטרייקס איז נאָכהער געקומען. אין דעם יאָהר איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, האָט די כוואַליע פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סטרייקס ערגרייכט דעם צושטאַנד אין רוסלאנד אין 1905. ווען פּאָנקאַרע, דער פּרעזידענט פון דער פראנצויזישער רעפּובליק, איז אין זומער פון 1904, געקומען אין פּעטערסבורג (ווארשיינליך זיך דורכצורעדען מיט'ן צאַר ווי צו באַפרייען די קליינע און שוואַכע פעלקער), איז די רעוואָלוציאָ־נערע שטימונג פון דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט געווען העכסט אָנ־געצויגען, און דער פּרעזידענט פון דער פראנצויזישער רעפּובליק האָט געקאָנט זעהען מיט זיינע אייגענע אויגען אין דער הויפּט־שטאָדט פון זיין פריינד, דעם צאַר, ווי אזוי די באַריקאַדען פון דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציאָן ווערען געבויט.

די מלחמה האָט אָפּגעהאַלטען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע. מיר האָבען געזעהען אז עס ווערט איבערגע'חזר'ט דאָס זעלבע וואָס איז געשעהן מיט צעהן יאָהר צוריק, אין דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער קריעג. נאָך די שטורמדיגע סטרייקס פון 1903 איז געקומען א יאָהר פון א במעט פּאָלשטענדיגער פּאָליטישער שטילקייט —

1904 — דאָס יאָהר פון דער מלחמה. עס האָט גענומען די אַר־בייטער פון פעטערסבורג צוועלף מאָנאַטען, אַז זיי זאָלען זיך פאַר־נאַנדערקלייבען אין די פראַגען פון דער מלחמה און אַרויסקומען אין די גאַסען מיט זייערע פאָדערונגען און פּראָטעסטען. דער 9טער יאַנואַר 1905 איז געווען, אַזוי צו זאָגען, דער אָפיציעלער אָנפאַנג פון אונזער ערשטער רעוואָלוציאָן.

די איצטיגע מלחמה איז ברייטער ווי עס איז געווען די רוּ־סיש־יאַפּאַנעזישע קריעג. מיליאָנען סאָלדאַטען זיינען פון דער רע־גיערונג מאָביליזירט געוואָרען „צו פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד״. די רייהען פון דעם פּראָלעטאַריאַט זיינען אויף אַזאַ אופן דיסאָרגאַ־ניזירט געוואָרען. פון דער צווייטער זייט, האָבען די פאָרטגע־שריטענע עלעמענטען פון דעם פּראָלעטאַריאַט געהאַט צו ענטשיי־דען אַ געוויסע צאָהל פראַגען פון אונגעהייער גרויסע וויכטיגקייט. וואָס איז די אורזאַכע פון דער מלחמה? זאָל דער פּראָלעטאַריאַט אויך אָננעמען די שטעלונג וועגען „פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד״? וואָס דאַרף זיין די טאַקטיק פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין מלחמה־צייט?

דערווייל האָט דער צאַריזם און זיינע עלייעס, די גרופּען פון דעם הויף אַדעל און די בורזשואַזיע, אין פּאַרלויף פון דער מלחמה אין גאַנצען אַרויסגעצייגט זייער אמת׳ער כאַראַקטער, — דעם כאַראַקטער פון קרימינעלע רויבערס, פאַרבלענדעט פון דעם דורשט נאָך מאַכט. די אַפּעטיטען פאַר זיעג איז ביי די רעגירונגס־קליקעס געוואַקסען אין פאַרהעלטנים ווי דאָס פאָלק האָט אָנגעפאַנ־גען צו באַגרייפען זיין פאָלשטענדיגע אונפעהיגקייט צו לייזען די גאַנץ עלעמענטאַרע פּראָבלעמען פון קריעג, פון אינדוסטריע און פון זאַכען בכלל וואָס זיינע נויטיג אין מלחמה צייט. איינצייטיג איז דער דלות פון פאָלק געוואַקסען, געוואָרען טיעפער, געוואָרען מעהר און מעהר שאַרפער, — אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער

מלחמה פאַרדאָפּעלט דורך דער קרימינעלער אַנאַרכיע פון דעם ראַס־פּוטין צאַריזם.

אין דער טיעפעניש פון די גרויסע מאסען, צווישען מענשען וועלכע מען האָט פיעלייכט קיין מאָל ניט געקאָנט גרייכען דורך א וואָרט פון פּראָפּאגאנדא, האָט זיך אָנגעזאַמעלט א שטארקע פאַר־ביטערטקייט אונטער דעם דרוק פון געשעהעניסען. די פאָדערסטע רייהען פון דעם פּראָלעטאריאט האָבען דערוויל גוט פאַרדייעט די נייע געשעהעניסען. דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאריאט פון רוסלאנד איז געקומען צו זיך נאָך דעם קראַך פון דעם נאַציאָנאַלען פאַלען פון דעם העכסט איינפלוסרייכען טייל פון דעם „אינטערנאַ־ציאָנאַל“, און האָט באַשלאָסען, אז נייע צייטען פאָדערען פון אונז ניט צו בלייבען הינטערשטעליג, זאָנדערן צו פארשטארקען אונזע־רעוואָלוציאָנערען קאמף.

די איצטיגע געשעהעניסען אין פּעטראָגראד און אין מאָסקווא זיינען א רעזולטאט פון דיזער אינערליכער פאַרבאַרייטונגס־ארבייט.

אן דער שפּיצע — א גיט פעסטע, דיזאָרגאניזירטע, פאַרדעכ־טיגטע רעגירונג. א העכסט דעמאָראַליזירטע ארמעע. אונצופרידענ־הייט, אונזיכערהייט און שרעק צווישען די אייגענטום־קלאסען. הינטען, צווישען די מאסען, א טיעפע פאַרביטערטקייט. א פּראָ־לעטאריאט, וואָס איז אין צאָהל שטארקער ווי ווען עס איז פריהער, וואָס איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרען אין דעם פייער פון געשעהעני־סען. דאָס אַלעס גיט אונז א ווארנונג, אז מיר שטעהען פאַר דעם אנפאנג פון דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציאָן. לאָמיר האָפען, אז פיעלע פון אונז וועלען זיך אין איהר באַטייליגען.

דעם „וועלטליכען" רעוואָלוציאָנערען גייסט פאַר מלחמה־צוועקען.

די וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער מלחמה האָבען אָבער ניט געענדערט די אומשטענדען און די ציעלען. גוטשקאָף און מיליוקאָף, די אויסגעשפּראָכענע אימפּעריאַליסטען צווישען די פּאָליטיקער פון דעם אַלטען רעזשים, האָבען יעצט געהאַט דעם גורל פון דער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד ביי זיך אין די הענד. נאַטירליך האָט די מלחמה, וועמעס הויפּט גרונד איז געבליבען דער זעלבער ווי אונטער דער הערשאַפט פון דעם צאַר — געגען די זעלבע שונאים, מיט די זעלבע עלייעס און די זעלבע אינטערנאַציאָנאַלע פארפליכטונגען — יעצט געמוזט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ „מלחמה פאַר דער רעוואָלוציאָן". פאַר די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען איז דאָס געווען אַ גלייכע אויפגאַבע, אין די אינטערעסען פון אימפּעריאַליזם, צו מאָבּיליזירען די רעוואָלוציאָן און אויף די קרעפטען און די לײדענשאַפטען וואָס זי האָט אַרויסגערופען. די מיליוקאָפס האָבען גרויסמוטיג צוגעשטימט צו רופען די „רויטע שמאַטע" אַ הייליגען צייכען — אויב די ארבייטער מאַסען וועלען נאָר צייגען, אַז זיי זיינען גרייט צו שטאַרבען מיט באַגייסטערונג אונטער דער „רויטער שמאַטע", פאַר קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אָבער די אימפּעריאַליסטישע געדאַנקען האָבען זיי ביי מיליוקאָף'ן צו בולט אַרויסגעזעהן. אום צו געווינען אויף זייער זייט די ערוואַכטע מאַסען און צו פיהרען זייער רעוואָלוציאָנערע ענערגיע אויף דעם וועג צו פאַרטיידיגען דעם אויסערליכען פראָנט האָבען זיך געפאָדערט גאַנץ אַנדערע מעטאָדען. אָבער דערצו זיינען נויטיג געווען גאַנץ אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען, מיט פּלאַטפאָרמען, וואָס האָבען נאָך ניט געמאַכט קיין קאָמפּראָמיסען, מיט רעפּוטאַציעס וואָס זיינען נאָך ניט באַשמוצט געוואָרען.

אַזעלכע פּאַרטייען האָבען זיך געפונען. אין די יאָהרען פון דער קאָנטער־רעוואָלוציאָן און הויפּטזעכליך אין דער צייט, ווען די אינדוסטריע האָט לעצטענס אויפגעבליהט, האָט דער קאַפּיטאַל זיך אַליין איינגעצוימט און אויך איינגעצוימט גייסטיג פיעלע טויזענדער

רעוואָלוציאָנערען פון 1905, וועלכע האָבען זיך מעהר ניט געזאָרגט וועגען די ארבייטער אָדער מארקסיסטישע „קליינינקייטען". און צווישען דער „סאָציאַליסטישער" אינטעליגענץ זיינען דארום גע־ווען פיעל גרופען ביי וועלכע עס האָבען געביסען די הענט צו באַ־טייליגען זיך אין דער ארבייט פון אָפּהאַלטען דעם קלאסען־קאמף, פון איינפלאנצען ביי די מאסען פאטריאָטישע געדאנקען. האנד אין האנד מיט דער אינטעליגענץ, וועלכע איז געוואָרען באריהמט אין דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער צייט, זיינען געגאנגען די קאָמ־פּראָמיסליכע ארבייטער, וועלכע זיינען געווען אָפּגעשראָקען פון דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציאָן פון 1905, און וועלכע האָבען זייט דאמאלס אין זיך ענטוויקעלט די פעהיגקייט פון זיין געהאָרכ־זאם און נאָכגעבען יעדען צד.

די נעגנערשאפט פון די בורזשואזע קלאסען צום צאריזם — אויף אַן אימפעריאַליסטישען באָדען — האָבען נאָך זאָגאר פאר דער רעוואָלוציאָן געשאפען צווישען די אָפּאָרטוניסטען־סאָציאַליס־טען און די רייכערע קלאסען א באַזיס צו מאכען קאמפּראמיסען איי־נער מיט'ן אנדערן. אין דער דומא האָבען קערענסקי און טשכעאידזע געשאפען זייער פּאָליטיק אלס א נאָכשלעפעניש צו דעם פּראָגרעסי־ווען „בלאָק", און די גוואזדיעוום און באנדאנאווס האָבען זיך אוים־געמישט מיט די גוטשקאָווס אין די קאָמיטעס וועגען מלחמה אינ־דוסטריען. אָבער די עקזיסטענץ פון צאריזם האָט געמאכט כמעט אוממעגליך דאָס אגיטירען פאר'ן „רעגירונגס" פּאַטריאָטיזם. די רעוואָלוציאָן האָט באזייטיגט אלע שטערונגען פון דיזען סאָרט. אונטערהאנדלונגען מיט די קאפּיטאליסטישע פּארטייען האָט זיך יעצט גערופען „א דעמאָקראטישע איינינקייט" און די דיסציפּלין פון דעם בורזשואזען שטאאט איז פּלוצלינג געוואָרען „א רעוואָלו־ציאָנערע" דיסציפּלין און ענדליך האָט מען באטראכט דאס באטיי־ליגען זיך אין א קאפּיטאליסטישער מלחמה אלס א פאַרטיידיגונג פון דער רעוואָלוציאָן נעגען אַן אויסערליכע נידערלאַגע.

די נאַציאָנאַליסטישע אינטעליגענץ, וועמען סטרואווע האָט

אין זיין צייטונג „וויעחי“, נעלערנט און געגעבען עצות, איז פלוצלינג, אונערוואַרטעט, גרויסמוטיג אונטערשטיצט געוואָרען אין דער הילפסלאָזיגקייט פון די העכסט־אָפּגעשטאַנענע פאָלקס־מאַסען, וועלכע מען האָט מיט צוואַנג אָרגאַניזירט אַלס אַן ארמעע.

נאָר אַ דאַנק דעם וואָס די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען אין פאַרלויף פון אַ מלחמה, האָבען די קליין־בורזשואַזע עלעמענטען פון שטאָדט און פון דאָרף מיט אַמאָל אָנגענומען אויטאָמאַטיש דעם אויסזעהען פון אַן אָרגאַניזירטער מאַכט און זיי אָנגעפאַנגען אויסצונוצען אויף די טוער פון די ארבייטער און סאָלדאַטען ראַטען, וועלכע האָבען געקראָגען אַן איינפלוס, וואָס וואָלט פאַר זיי געווען אין אַן אנדער צייט אונמעגליך צו קריגען אויף די צוואַוואָרפענע און אָפּגעשטאַנענע קלאַסען, אויסער אין מלחמה צייטען. די מענ־שעוויסטישע ארבייטער אינטעליגענץ האָט צווישען דער גרויסער צאָהל דאָרפישע און פראָווינציעלע פּערזאָנען, וועלכע זיינען מער־סטענס נאָך ניט ערוואַכט געווען, געפונען אַ שטיצע וואָס איז אַנ־פאַנגס געווען גאַנץ נאַטירליך. פירענדיג די קליין־בורזשואַזע קלאַ־סען אויף דעם וועג פון אָפּמאַכונגען מיט'ן קאַפּיטאַליסטישען לי־בעראַליזם, וועלכער האָט ווידער אַמאָל געצייגט זיין אונפעהיגקייט צו פירען זעלבסטשטענדיג די מאַסען פון פאָלק, האָט די מענשע־וויסטישע ארבייטער אינטעליגענץ, דורך דעם דרוק פון די מאַסען, פאַרנומען אַ געוויסע פּאָזיציע אַפילו צווישען די פּראָלעטאַרישע קרייזען; אָבער דאָס האָט זיי אויף אַ מאָמענט געפירט צו אַ צווייטע פּאָזיציע, אַ דאַנק דעם שטאַרקען איינפלוס פון דער ארמעע.

אויף'ן ערשטען בליק קאָן זיך אויסדוכטען, אַז יעדער קלאַסען־אונטערשיעד איז פאַרניכטעט געוואָרען, אַז די סאָציאַלע איינריכ־טונגען זיינען פאַרלאַטעט געוואָרען מיט די שטיקלעך אידעאָלאָגיע פון דער מענשעוויסטישער אינטעליגענץ, און דאָס אַ דאַנק דער קאָנ־סטרוקטיווער ארבייט פון קערענסקי און טשכעאידזע איז אַ נאַ־ציאָנאַלער בורג־פרידען פאַרווירקליכט געוואָרען. דאַ־רום האָט מען זיך שטאַרק געוואונדערט ווען אַ זעלבסטשטענדיגע

פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק איז ווידער אַוועקגעשטעלט געוואָרען, דאַ־רום האָט זיך אויפגעהויבען אַ ווילדער, אמת אָפּשטויסענדער געשריי נעגען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען, די צושטערער פון דער וועלטליכער האַרמאָניע.

די קליין־בורזשואַזע אינטעליגענץ, נאכדעם ווי זי איז פון די אַרבייטער און סאָלדאַטען ראַטען ערהויבען געוואָרען צו אַ שטופּע וואָס זי איז אַליין אין גאנצען נים פּאַרבערייטעט געווען, האָט זיך מעהר דערשראָקען פאַר דער אידעע פון פאַראַנטוואָרטליכקיים ווי פאַר יעדע אנדערע זאַך, און זי האָט דארום מיט דרך ארץ איבער־געגעבען איהר מאכט צו דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג פון די פּריצים, וועלכע איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער שוים פון דער דומאַ פון דעם 3טען יוני. דער שרעק פון דער קליין־בורזשואַזיע פאַר די הייליגקייט פון רעגירונגס־מאכט, וועלכע האָט זיך אויך אַרויס־געזעהען ביי מאנכע אַרבייטער־פיהרער, איז ביי די מענשעוויקעס־פּאַטריאָטען געווען פאַרשטעלט מיט אַ שלייער פון טעאָרעטישע פראגען: צי סאָציאַליסטען דאַרפען אויף זיך נעמען די פאַר־אַנטוואָרטליכקייט צו באַטייליגען זיך אין דער מאכט פון אַ בור־זשואַזע רעוואָלוציאָן.

אזוי איז געשטאַנען ד י„דאָבעלע אויטאָריטעט”, וועלכע קאָן ניכער מיט רעכט אָנגערופען ווערען „די צוויי שוואכקייט”. די קאַ־פּיטאַליסטישע בורזשואַזיע האָט פאַרכאַפּט די אויטאָריטעט אין נאָמען פון אָרדנונג און פון מלחמה פאַר אַ זיעג, אָבער אָהן די סאָ־וויעטען ראַטען האָט זי נים געקאָנט הערשען.

די ציניִשע און פּראָוואָצירענדע אויסערליכע פּאָליטיק פון מי־ליוקאָוו׳ען האָט פאַראורזאכט אַ קריזיס. זעהענדיג גאַנץ דייטליך די פּאַניק אין די רייהען פון די בורזשואַזע פיהרער, ווען זיי האָבען פאַר זיך די פאַרפלאָנטערטע פראגען וועגען מאכט, האָט די בור־זשואַזע פאַרטיי זיך אָנגעפאַנגען צו באַנוצען מיט אונאַנשטענדיגע מעטאָדען: זיי האָבען נעסטראַשעט מיט אַ רעגיערונגס סטרייק, ראָפּ

הייסט, צו רעזיגנירען פון באטייליגען זיך אין אויטאָריטעט ; זיי האָבען געפאָדערט אז די סאָוויעטען ראטען זאָלען זיי געבען א גע־וויסע צאָהל באטריגערישע סאָציאליסטען, וועמעס אויפגאבע איז קאָאליציאָנס מיניסטעריום זאָל באשטעהן אין פארשטארקען ביי די מאסען דעם צוטרויען צו דער רעגירונג, און אויף אזא אופן פיהרען צו דער אָפּשאפונג פון דער „דאָבעלע אויטאָריטעט".

ווען דער רעוואָלוער־אולטימאטום איז געשטעלט געוואָרען, האָבען די מענשעוויקעס־פּאטריאָטען געאיילט צו באפרייען זיך פון יעדען שפּור פון מארקסיסטישען גדאנק געגען באטייליגען זיך אין א בורזשואזער רעגירונג און האָבען אויפ'ן זעלבען וועג געבראכט די ארבייטער „פיהרער" פון די סאָוויעטען, וועלכע האָבען זיך גאנץ וועניג געקימערט וועגען פּרינציפּען אָדער מארקסיסטישע פּאראור־טיילע. די רוסישע מענשעוויקעס־פּאטריאָטען האָבען טאקע דערביי אָנגעדייטעט, אז דער רוסישער מיניסטעריאליזם האָט קיין געמיינ־שאפטליכעס מיט דעם פראנצויזישען און בעלגישען מיניסטער־יאליזם, זייענדיג א רעזולטאט פון זעהר אויסערגעוועהנליכע אומ־שטענדען, ווי דאָס איז פּאראויס געזעהען אין דער רעזאָלוציאָן פון דעם אמסטערדאמער אינטערנאציאָנאלען סאָציאליסטישען קאָנ־גרעס. דאָך האָבען זיי בלויז איבערגעע'חזר'ט, ווי א פּאפּוגיי, די ארגומענטען פון בעלגישען און פראנצויזישען מיניסטעריאליזם, און זיי האָבען אלע געהאלטען אין איי טענה'ן וועגען דעם „אויסערגע־וועהנליכען כאראקטער פון די אומשטענדען". קערענסקי, אונטער וועמעס טעאטראלע פיגור איז דאָך דאָ א שפּור פון ווירקליכקייט, האָט זעהר ריכטיג באצייכענט דעם רוסישען מיניסטעריאליזם אין דער זעלבער קאטעגאָריע מיט דעם מיניסטעריאליזם פון מערב איי־ראָפּא, און אין זיין רעדע געהאלטען אין העלסינגפאָרס, האָט ער געזאָגט, אז הויפּטזעכליך א דאנק איהם, קערענסקי'ן, האָבען די רוסישע סאָציאליסטען געמאכט אזא פּראָגרעס אין צוויי מאָנאטען וואָס האָט די סאָציאליסטען פון מערב אייראָפּא גענומען צעהן יאָהר צו פארווירקליכען. ס'איז אמת, מארקס איז ניט געוועזן

טער ראט איז ניט געווען אַזוי פּיעל אין זייערע פּאָליטישע שטרע־
בונגען, ווי אין דער ערנסטער באַקאַנטשאַפט מיט דער עקאָנאָמי־
שער לאַגע פון לאַנד. טאַקע צוליעב דער אורזאַכע זיינען זיי גע־
קומען צו שליסע וואָס האָבען געטראָגען אַ גרינדליכען רעוואָלוציאָ־
נערען כאַראַקטער. די איינציגע זאַך וואָס עס פעהלט זייער פּראָ־
גראַם איז די טרייבענדע קראַפט פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק.
די רעגירונג, וועלכע איז מערסטענס געווען אַ קאַפּיטאַליסטישע,
האָט ניט געקאָנט געבען איהר צושטימונג צו אַ סיסטעם וואָס איז
געווען דירעקט געווענדעט געגען די פּערזענליכע אינטערעסען פון
די רייכע קלאַסען. אויב סקאָבעלעף, דער מיניסטער פון ארבייט,
מיט זיינע פּאָרווירפע וועגען „הונדערט־מאָל רייך", האָט דאָס ניט
פאַרשטאַנען, האָט דאָס אָבער גאַנץ גוט פאַרשטאַנען דער ערנסטער
און פעהיגער קאָנאָוואַלאָף, דער פאַרטרעטער פון ארבייט און אינ־
דוסטריע.

זיין רעזיגנאַציאָן איז געווען אַ שרעקליכער קלאַפּ פאַר דעם
קאָאַליציאָנס מיניסטעריום. די גאַנצע בורזשואַזע פּרעסע האָט
ניט געמאַכט קיין טעות, ווען זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם
פאַקט. מען האָט זיך ווידער גענומען אויפרייצען די שרעקונגס־
געפיהלען פון די איצטיגע פיהרער פון די סאָוויעטען ראטען: די
בורזשואַזיע האָט נעמטראַשעט אָוועקצולעגען ביי זיי אונטער'ן טיר
דאָס קינד פון אויטאָריטעט. די „פיהרער" האָבען דארויף גע־
ענטפערט אויף אַזאַ אופן, אַזוי ווי קיין אויסערגעוועהנליכעס זאָל
האָבען פּאַסירט. אויב דער פאַראַנטוואָרטליכער פאַרטרעטער פון
קאַפּיטאַל האָט אונז פאַרלאָזען, לאָמיר איינלאַדען הערר בורישקין.
אָבער בורישקין האָט זיך דורכאויס ענטזאַגט צו האָבען עפּעס צו
טאָן מיט אָפּעראַציעס אויף דעם קערפּער פון פּריוואַט אייגענטום.
און דאמאלס האָט מען אָנגעפאַנגען זוכען אַן אונאָפּהענגיגען מיניס־
טער פון האַנדעל און אינדוסטריע, אַ מענש הינטער וועמען קיינער
זאָל ניט שטעהן און וועלכער זאָל קאָנען דיענען אַלס אַן אונשער־
ליכער בריעף־קאַסטען, וואו די גענענזייטיגע פאָרערונגען פון אַר־

בייט און קאַפּיטאַל זאָלען זיך קאָנען טרעפען. דערווייל זיינען די עקאָנאָמישע אויסגאַבען געוואַקסען אויף זייער חשבון און די רע־גירונגס טעטיגקייט איז באַשטאַנען הויפּטזעכליך אין דרוקען באַנק־נאָטען.

האָבענדיג די הערען לוואָוו און שינגאַראָוו אלס העכערע מי־ניסטאָרען איבער זיך, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מען האָט טשער־נאָוו'ן אָפּגעהאַלטען פון פּאַרעפענטליכען, אויף דעם געביט פון אגראַר פראַגען, אפילו דעם ראַדיקאַליזם וואָס איז באַשטאַנען בלויז אין ווערטער. דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם סאָרט פּאַרטרעטער פון דער קליין־בורזשואַזיע. פאַרשטעהענדיג גוט די ראָלע וואָס מען האָט איהם איבערגעגעבען, האָט טשערנאָוו זיך פאַר־געשטעלט פאַר דער געזעלשאַפט ניט אַלס דער פאַרטרעטער פון דער אגראַר רעוואָלוציאָן נאָר פון די אגראַר סטאַטיסטיקס! ווי די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט אויסגעטייטשט, — און די סאָציאַליס־טישע מיניסטאָרען האָבען די אויסטייטשונג אויף אָנגענומען, — דאַרפען די מאַסען זיך צוריקהאַלטען פון דער רעוואָלוציאָן און גע־דולדיג וואַרטען ביז די קאָנסטיטואירענדע פאַרזאַמלונג וועט צוזאַ־מענגערופען ווערען. אָבער אַזוי שנעל ווי די סאָציאַליסטען רע־וואָלוציאָנערען טרעטען אריין אין דעם מיניסטעריום פון די לאַנד־איינגעטימער און פאַבריקאַנטען, ווערען די אַטאַקעס געגען דעם יעצטיגען פּעאָראַלען לאַנד־סיסטעם באַצייכענט אלס אַנאַרכיע.

אויף דעם פעלד פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז דער דורכפאַל פון די „פרידענס־פּראָגראַמען", וועלכע זיינען ערקלערט געוואָרען פון דער קאָאַליציאָנס רעגירונג, געקומען שנעלער און מיט א גרעסערען אומגליק ווי מען האָט געקאָנט ערוואַרטען. העררי ריבאָ, דער פרעמיער מיניסטער פון פראַנקרייך, האָט ניט נאָר קאַ־טעגאָריש און אָהן צערעמאָניעס ענטזאָגט די רוסישע פרידענס פאָ־דערונגען און מיט גאווה ערקלערט אַז עס איז דורכאויס נויטווענדיג פאָרטצוזעצען די מלחמה ביז א „פאָלשטענדיגען זיעג", נאָר ער האָט אויך ענטזאָגט די פּאַטריאָטישע פראַנצויזישע סאָציאַליסטען צו

געבען זיי פּאַספּאָרטען צו דער סטאָקהאָלם'ער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאַררופען געוואָרען אין צוזאַמענהאַנג מיט העררך ריבאָ'ס מי־ניסטאָרען און עלייעס, די רוסישע סאָציאַליסטישע מיניסטאָרען. די איטאַליענישע רעגירונג וועמעס פּאָליטיק פון פאַרבאַפען קאָלאָ־ניעס האָט זיך שטענדיג אויסגעצייכענט מיט איהר באַזונדערער שעמלאָזיגקייט, מיט איהר „הייליגער אייגענליעבע“, האָט געענט־פערט אויף דער פאָדערונג וועגען א „פריעדען אָהן אנעקסיאַנען“ מיט א באַזונדער אַנעקסיאָן פון אלבאַניען. אונזער רעגירונג, איינ־געשלאָסען די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרען, האָט פאַרהאַלטען צוויי וואָכען דאָס פאַרעפענטליכען פון די ענטפערס פון איהרע עלייעס, גלויבענדיג ווארשיינליך אין דער מעגליכקייט פון פאַרמיידען דורך אַזעלכע קלענגליכע מיטלען דעם באַנקראָט פון זייער פּאָליטיק. מיט איין וואָרט, די פראגע וועגען דער אינטערנאַציאָנאַלער לאגע פון רוסלאַנד, דאָס הייסט, די פראגע פאר וואָס דער רוסישער סאָלדאט זאָל זיין גרייט צו קעמפען און צו שטארבען איז פונקט אַזוי שארף ווי אין דעם טאָג, ווען דער אמט פון דעם מיניסטער פון אויסערן איז ביי מיליוקאָוו'ן אוועקגענומען געוואָרען.

אין דער אפּטיילונג פון דער ארמעע און פלאָטע, וועלכע שלינגט נאָך אלץ איין א היבשען חלק פון דער נאַציאָנאַלער מאַכט און פון די נאַציאָנאַלע אוצרות פארנעמט די פּאָליטיק פון פראַזע און שענע רייד א אנגעזועהענעם פּלאַץ. די עקאָנאָמישע און פּסי־כאָלאָגישע אורזאַכען פאר דעם בכבוד'ען ארט, וואָס די ארמעע פאר־נעמט, זייגען צו טיעף אז מען זאָל זיך קאָנען באַפרייען פון דער פראַזע און פון די שענע רייד וועגען מיניסטעריומס. דאָס אוועק־זעצען פון גענעראַל ברוסילאָוו אויף דעם פּלאַץ פון גענעראַל אַלעק־סעיעוו מיינט אָהן ספק צו בייטען די צוויי בעאמטע, אָבער ניט קיין ענדערונג אין דער ארמעע. דאָס צוגרייטען דעם אַלגעמיינעם געראַנק און די ארמעע צו אַן „אָפענסיווע“, און נאָכהער פלוצלונג אוועקוואַרפען דיזען שלאַג־וואָרט צום גונסטען פון א מעהר פאר־

שטעלטען שלאג־ווארט וועגן א „צוגרייטונג פאר אן אפענסיווע", ציינט אז דאס מיניסטעריום פון דער ארמעע און פלאטע איז אזוי ווייניג פעהיג צו פיהרען דאס פאלק צו א זיעג, ווי העררע טערעש־טשענקא*) איז געווען פעהיג צו פיהרען דאס פאלק צו פריעדען.

דאס בילד פון אונפעהיגקייט פון דער פראוויזארישער רעגי־רונג האט דערגרייכט די העכסטע שטופע אין דער טעטיגקייט פון דעם מיניסטעריום פון אינערן, וועלכער, לויט דעם אויסדרוק פון מאנכע טרייע דעלעגאטען פון דעם פויערים ראט, האט אויף א „פארטייאישען אופן" אויסגעפילט די עמטער פון דער לאקאלער אדמיניסטראציע מיט פעראלע לאנד־אייגענטימער. די אנ־שטרענגונגען פון דער אקטיווער טייל פון דער באפעלקערונג האָ־בען זיי געהאלפען אוועקשטעלען אן ארטיגע זעלבסט־רעגירונג, גע־שטיצט אויף דאס רעכט פון זיענ. מיט וועלענדיג ווארטען אויף דער קאנסטיטואירענדער פארזאמלונג האט מען די טאטען פון דער טייל פון דער באפעלקערונג באצייכענט, אויף דער פאליציי־שפראך פון די דאן'ס, אלס א נ א ר כ י ע, און מען האט זיי באגעגענט מיט אן ענערגישער אפאזיציע פון דער רעגירונג, וועלכע האט זיך אליין גוט פארהיטען געגען יעדען ענערגישען טאט, וואס האט אין אמת'ען געמעגט טראגען א שאפענדען כאראקטער.

אין פארלויף פון דער לעצטער צייט האט די פאליטיק פון דעם אלגעמיינעם באנקראט געפונען א שטארקען אויסדרוק אין דעם קראנשטאדט אינצידענט. די נידערטרעכטיגע און העכסט אונפאר־שעמטע פראפאגאנדא וואס די בורזשואזיע האט אנגעפיהרט אין דער פרעסע געגען קראנשטאדט, די שטאדט, וועלכע איז פאר זיי דער צייכען פון רעוואלוציאנערען אינטערנאציאנאליזם און פון דעם מיסטרויען צו דער קאאליציאנס רעגיערונג. דער רעוואלוציאנערער אינטערנאציאנאליזם און דער מיסטרויען צו דער קאאליציאנס־

*) טערעשטשענקא האט פארנומען דעם אמט פון אויסערען־מיניס־טער אין קערענסקי'ס קאבינעט.

רעגירונג זיינען סימנים פון דער אונאָפּהענגיגער פּאָליטיק פון די גרויסע פּאָלקס מאַסען, וועלכע האָבען ניט בלויז באַהערשט די רע־גירונג און די פיהרער פון די סאָלדאַטען און ארבייטער ראַטען, נאָר זיי האָבען אויך געשטעמפּעלט צערעטעלי און סקאָבעלעוו אַלס די פיהרער פון די עקעלהאַפטע פאַרפאָלגונגען געגען די קראָנ־שטאַדטער מאַטראָזען, סאָלדאַטען און ארבייטער.

אין אַ מאָמענט ווען דער רעוואָלוציאָנערער אינטערנאַציאָנאַ־ליזם האָט סיסטעמאַטיש פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דעם פּאַטריאָטי־שען סאָציאַליזם אין די פאַבריקען און ווערקשטאַטען, און צווישען די סאָלדאַטען אויפ'ן פראָנט, האָבען די סאָציאַליסטע אין דעם מי־ניסטעריום, פאָלגענדיג זייערע בעלי בתים, ריזיקירט דעם געפּער־ליכען שפּיעל ארונטערצואוואַרפען מיט איין קלאַפּ דעם אוואַנגאַרד פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט, און אויף אַזאַ אופן צוגעגרייט דעם „פּסיכאָלאָגישען מאָמענט" פאַר דעם צוזאַמענפאַהר פון דעם אַל־רוסישען קאָנגרעס פון די סאָלדאַטען און ארבייטער־דעפּוטאַטען. צוזאַמענצוקלייבען די פּויערי־שע־קליין־בורזשואַזע דעמאָקראַטיע ארום דער פאָהן פון בורזשואַזען ליבעראַליזם, צוזאַמענצוקלייבען זיי ארום דעם ענגליש־פראַנצויזישען און אמע־ריקאַנישען קאַפּיטאַל, פּאָליטיש אָפּזונדערען און „דיסציפּלינירען" דעם פּראָלעטאַ־ריאַט, — דאָס איז יעצט די הויפּט אויפגאַבע וואָס די מענשע־וויקעס און סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך געשטעלט און זיי ווענדען אָן זייער גאַנצע ענערגיע דאָס צו פאַרווירקליכען. אַ וויכטיגע טייל פון דער פּאָליטיק קאָן מען זעהען אין דעם שענדלי־כען סטראַשען מיט בלוטיגע פאַרפאָלגונגען און מיט פּראָוואָקאַ־ציעס דורך עפענטליכע געוואַלט־טאַטען. די גסיסה פון דעם קאָאַלי־ציאָנס מיניסטעריום האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם זעלבען טאָג, ווען דאָס מיניסטעריום איז געבוירען געוואָרען. דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם דאַרף טאָן אַלעס אין זיינע קרעפטען צו פאַרהיטען, אַז

די גסיסה זאָל זיך ניט פאַרוואַנדלען אין אַ קאָנוואולסיע פון אַ בירגער־קריעג.

דער איינציגער מיטעל דערצו איז ניט די פּאָליטיק פון נאָכ־געבען און וועלען פאַרמיידען רייבערייען, וואָס פאַרשאַרפט בלויז דעם אַפּעטיט פון די פריש־געבאַקענע שטאַאטס־לייט, נאָר גיכ׳ער אַ פּאָליטיק פון אנגרייפענדע טאַטען אויף דער גאַנצער ליניע.

מיר טאָרען זיי ניט ערלויבען זיך אָפּצוזונדערען: מיר מוזען זיי אָפּזונדערען. מיר מוזען ענטפערן אויף די אָפּשטויסענדע און שענדליכע טאַטען פון דער קאָאַליציאָנס רעגירונג אַזוי, דאָס עס זאָל אַפילו פאַר די אָפּגעשטאַנענע אַרבייטער מאַסען ווערען קלאָר דער צוועק פון דעם פיינדליכען פאַרבאַנד וואָס באַהאַלט זיך אין די אויגען פון דער געזעלשאַפט אונטער דער מאַסקע פון רעוואָ־לוציאָן. געגען די מעטאָדען פון די רייכע קלאַסען און פון זייערע נאָכשלעפּער, די מענשעוויקעס־סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיי ווילען אָנווענדען בנוגע די פראַגען פון שפּייז, פון אינדוס־טריע, פון לאַנד, פון מלחמה, מוזען מיר אַרויסשטעלען די מעטאָדען פון דעם פּראָלעטאַריאַט. בלויז אויף אַזאַ אופן קאָן דער ליבעראַ־ליזם אָפּגעזונדערט ווערען, בלויז אויף אַזאַ אופן קאָן דער רעוואָלוּ־ציאָנערער פּראָלעטאַריאַט קריגען אַ הערשענדען איינפלוס אויך אויף דער שטאָדטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג. צוזאַמען מיט דעם פאַלען פון דער יעצטיגער רעגירונג וועלען אויך פאַלען די איצטיגע פיהרער פון די אַרבייטער און סאָלדאַטען ראַטען. בלויז אין דער קראַפט פון דער מינאָריטעט פון די סאָוויעטען ליגט די מעגליכקייט אָנצוהאַלטען די אויטאָריטעט פון די סאָוויעטען אַלס אַ פאָרטרעטערשאַפט פון דער רעוואָלוציאָן, צו פאַרזיכערען פאַר די סאָוויעטען זייערע וויטע־־יגע פונקציאָנען אַלס אַ פיהרענ־דע מאַכט. דאָס וועט ווערען קלאָרער יעדען טאָג. די צייט פון „צוויי שוואַכקייטען״, — ווען די רעגירונג איז ניט פעהיג און די סאָוויעטען ראַטען האָבען ניט דעם מוט, — פיהרט אונפאַרמיידליך

צו אזא גרויזאמען קריזיס, וואס איז נאָך ניט געהערט געווארען. עס איז אונזער אויפגאבע צו פאראייניגען אונזערע קרעפטען פאר דיזען מאָמענט אזוי, דאָס די פראגע וועגען אויטאָריטעט זאָל גע־לייזט ווערען אויף א געהעריגען אופן.

אנמערקונג:

ווען תוגא האזע האט דעם 4טען אויגוסט, 1914 געמאכט די באריכטעטע ערקלערונג אין רייכסטאג אין נאמען פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטיע, איז דאס געווען דער ערשטער סיגנאל פון באנקראט פון דעם צווייטען אינטערנאציאנאל. די דייטשע סאציאל־דעמאקראטיע, וועלכע איז באטראכט געווארען אלס דער שפיגעל פון דער אינטערנאציאנעלר סאציאליסטישער באוועגונג, האט געשטימט פאר דעם מלחמת בודושעט, ערקלערענדיג, אז אין א מאמענט פון געפאהר וועלען זיי האלטען זייער פארשפרעכען און קומען צו הילף דעם פאטערלאנד. אנשטאט צו שטעלען זיך די פראגע צי די מלחמה וועט ברענגען נוצען אדער שאדען דער ארבייטער זאך, האט ביי זיי די פראגע וועגען „העלפען דעם פאטערלאנד" פארנומען דעם אויבען־אן.

אבער אין די היינטיגע היסטארישע אומשטענדען האט דער ארבייטער קלאס קיין אינטערעס נים צו פארטיידיגען דאס אפגעלעבטע נאציאנאלע „פאטערלאנד", וועלכעס איז געווארען די הויפט שטערונג פאר דער עקאנאמישער ענטוויקלונג.

טראצקי זעהט פאר זיך אנדערע אויפגאבען פאר'ן פראלעטאריאט. ער דענקט, אז די אויפגאבע פון ארבייטער קלאס איז צו שאפען א מעכטיגעם פאטערלאנד, מיט א גרעסערער מאכט פון ווידערשטאנד — צו שאפען די רעפובליקאנער פאראייניגטע שטאאטען פון איירארא אלס דעם פונדאמענט פאר די פאראייניגטע ארבייטער רעפובליקען פון דער וועלט.

דאס געשריי וועגען פארטיידיגונגס מלחמות באטראכט טראצקי בלויז אלס מיטעל פון דער בורזשואזיע ארויסצוציהען די פאלקס־מאסען אין קריעג. די וועלט־מלחמה האט איהם קלאר איבערצייגט, אז ס'איז ניטא אזא מאס, וואס זאל קענען אפגרעניצען וואו עס פאנגט זיך אן א פארטיידיגונגס קריעג און וואו עס ענדיגט זיך אן אפענסיווע מלחמה. דער פאקט איז געווען, דאס יעדע קריעגס־פיהרענדע לאנד האט ארויסגעלאזט א באזונדערען בוך, אין וועלכען זי האט זיך באמיהט צו באווייזען, אז זי איז אין דער מלחמה נים שולדיג, אז זי האט זיך בלויז געפונען אין א פארטיידיגונגס פאזיציע.

די צוויי קאַפּיטלען פון דעם בוך — „פאַרטיידיגונגס מלחמות" און „קאַפּיטאַליסטישע מלחמות" האָט טראָצקי אָנגעשריבען באַלד נאָך דעם ווי די וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען און א סך פריהער, איידער עס האָט אויסגעבראָכען די רוסישע רעוואָלוציאָן. אין די צוויי קאַפּיטלען האָט טראָצקי פעסטגעשטעלט אידעען און ארויסגעזאָגט מיינונגען, וועלכע האָבען איהם געדיענט אלס וועג־ווייזער אין די פראַגען פון קריעג, פריעדען און רעוואָלוציאָן.

אָבער דער גייסט וואָס שטראַהלט פון די געדאַנקען איז ניט בלויז טראָצקי'ס. דאָס איז אויך דער גייסט פון די באָלשעוויקעס, דער גייסט פון דעם רויטען לינקען פליעגען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דעם נייעם רוסלאַנד. ניין, ניט בלויז פון די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, נאָר דאָס איז אויך דער גייסט פון דעם גאַנצען רעוואָלוציאָנערען אינטערנאַציאָנאַל. אין טראָצקי'ס שטימע הערט זיך דאָ ניט בלויז דער גייסט פון רוסלאַנד, נאָר דאָס הערט זיך די שטימע פון זיבערהיים, פון אויסטאַריטעס — דאָס איז דער גייסט פון דער וועלט־רעוואָלוציאָן.

# פאַרטיידיגונגס מלחמות.

„וואָס מיר דאַרפֿען איצט טאָן איז צו באַווייזען אַז די געפֿאַהר (דעם רוסישען דעספּאָטיזם) און צו פאַרזיכערען די קולטור און אונאָפּהענגיגקייט פון אונזער לאַנד. אויף אַזאַ אופן וועלען מיר האַלטען אונזער וואָרט און מיר וועלען טאָן דאָס וואָס מיר האָבען אימער פאַרשפּראָכען: אַז מיר וועלען אין אַן עת צרה ניט פאַרלאָזען אונזער פאַטערלאַנד... שטיצענדיג זיך אויף די פּרינציפּען, שטימען מיר פאַר די מלחמה אויסגאַבען".

דאָס איז געווען די ערקלערונג פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע, וועלכע איז פאָרגעלעזען געוואָרען פון האַאַזע אין רייכסטאַג ביי דער זיצונג פון 4טען אויגוסט.

דאָ ווערט בלויז דערמאָנט די פאַרטיידיגונג פון פאַטערלאַנד. קיין וואָרט ווערט ניט געזאָגט וועגען דער באַפרייאונגס מיסיאָן פון דער מלחמה צום גונסטען פון די רוסישע פעלקער, וועלכע מען האָט שפּעטער באַזונגען אין דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פרעסע. די לאָגיק פון דער דייטשער סאָציאַליסטישער פרעסע איז אָבער ניט געווען אויסגעהאַלטען אין איהר פּאַטריאָטיזם. אין דער צייט וואָס זי האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפעלטען פאַרזוך פאַרצושטעלען די מלחמה אַלס אַ ריין פאַרטיידיגונגס קריעג, צו באַוואָרענען די זיכערהייט פון דייטשלאַנד'ס טעריטאָריע, האָט זי אויך פאָרגעשטעלט דיזעלבע מלחמה אַלס אַ "רעוואָלוציאָנערען אָנגרייפענדען קריעג, וועלכער ציעלט צו באַפרייען רוסלאַנד און אייראָפּאַ פון דעם צאַריזם.

אָבער וואָס איז מכח דעם פאַרטיידיגונגס כאַראַקטער פון דער מלחמה?

וואָס אונז איבערראשט אין דער דעקלאַראַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַם מעהרסטען, איז גראָדע ניט אַזוי דאָס, וואָס איז דאָרט געזאָגט געוואָרען, ווי דאָס וואָס די דעקלאַראַציע פארבעהאַלט און דערזאָגט ניט. נאָכדעם ווי האָללאַנד האָט שוין אַנאַנסירט אין רייכסטאַג וועגען דער פאַרגוואַלטיגונג פון דער נייטראַליטעט פון בעלגיען און לוקסעמבורג אַלס אַ מיטעל צו אַטאַקירען פראַנקרייך, דערמאָנט האַזע ניט קיין איין וואָרט וועגען דעם. אָט די פאַרשוויינונג איז אַזוי מיאוס, אַז מען קען ניט ביישטעהען דעם נסיון דורכצולעזען די דעקלאַראַציע אַ צווייטען מאָל און אַ דריטען מאָל. עס איז אָבער אומזיסט. די דעקלאַראַציע איז געשריבען געוואָרען עפּעס אַזוי ווי בעלגיען, פראַנקרייך און ענגלאַנד וואָלטען קיין מאָל ניט עקזיסטירט אויף דער פּאָליטישער לאַנד־קאַרטע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

פאַקטען הערען אָבער ניט אויף צו פאַרבלייבען פאַקטען, בלויז דערפאַר וואָס פּאָליטישע פּאַרטייען מאַכען זיך ניט זעהענדיג זיי. און יעדער מיטגליעד פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט אַ רעכט צו פרעגען גענאָסע האַזע, „וואָס פאַר אַ טייל פון די פינף ביליאָן, פאַר וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע האָט געשטימט איז געמיינט געוואָרען פאַר דער פאַרניכטונג פון בעלגיען?" עס איז גאַנץ מעגליך, אַז אום צו באַשיצען דייטשלאַנד פון רוסישען דעספּאָטיזם איז געווען אונמעגליך ניט צו דערשטיקען בעלגיען. ווארום אָבער שווייגט וועגען דעם די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פראַקציע?

די אורזאַכע איז קלאָר. די ענגלישע ליבעראַלע רעגיערונג אין איהר פאַרזוך צו מאַכען די מלחמה פּאָפּולער צווישען די מאַסען, האָט באַגרינדעט איהר אַפּיעל אויסשליסליך אויף דער נויטווענדיגקייט צו באַשיצען די אונאָפּהענגיגקייט פון בעלגיען און די גאַנצקייט פון פראַנקרייך, און האָט אין גאַנצען איגנאָרירט איהר בונד מיט'ן רוסישען צאַריזם.

אויף׳ן זעלבען אופן און צוליעב די זעלבע אורזאַכען רעדט די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע געגען צאַריזם, אָבער זי דערמאָנט ניט בעלגיען, פראַנקרייך און ענגלאַנד. דאָס אַלעס איז נאַטירליך ניט אַזוי שען פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע פון צאַריזם, עס איז אָבער אויך גאַנץ טרויעריג, אַז די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע זאָל מקריב זיין איהר גוטען נאָמען און רופען צו קריעג געגען צאַריזם. לאַסאַל האָט געזאָגט אַז יעדע גרויסע פּאָליטישע אַקציאָן דאַרף זיך אָנפאַנגען מיט אַן ערקלערונג פון דעם צושטאַנד ווי ער איז. וואָרום הויבט זיך אָבער אָן די פאַרטיידיגונג פון פאַטערלאַנד מיט אַ פאַרשעמטען שטילשווייגען וועגען די באַדינגונגען ווי זיי זיינען? אָדער אפשר האָט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געדענקט, אַז דאָס איז ניט געווען קיין „גרויסע פּאָליטישע אַקציאָן“?

יעדענפאַלס, דער באַגריף וועגען פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד איז זעהר אַ ברייטער און לאָזט זיך פאַרנאַנדערציהען. דער וועלט־אומגליק האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט עסטרייך׳ס אולטימאַטום צו סערביען. עסטרייך, נאַטירליך, האָט זיך געשטיצט אויף דער נויטווענדיגקייט פון פאַרטיידיגען איהרע גרענעצען געגען דעם אונרוהיגען שכן. עסטרייך׳ס שטיצע איז געווען דייטשלאַנד. און דייטשלאַנד, פון איהר זייט, ווי מיר ווייסען, איז געטריבען געוואָרען דערצו דורך די נויטווענדיגקייט צו פאַרזיכערען איהר אייגענעם שטאַאַט. „עס וואָלט געווען אַן אונזין צו גלויבען“, — שרייבט לודוויג קוועססעל וועגען דעם, — „אַז איין וואַנט זאָל קענען אָוועקגעריסען ווערען פון דעם קאָמפּליצירטען הויז (אייראָפּאַ) און ניט שטעלען אין געפאַהר די גאַנצע געביידע“.

דייטשלאַנד האָט אָנגעפאַנגען איהר פאַרטיידיגונגס מלחמה מיט אַן אַטאַקע אויף בעלגיען, אונטער דעם אויסרייד אַז די פאַרגוואַלטיגונג פון בעלגיען׳ס נייטראַליטעט איז בלויז אַ מיטעל דורכצוברעכען זיך קיין פראַנקרייך דורך דער ליניע, וואו דער ווידערשטאַנד איז אַם קלענסטען. די מיליטערישע נידערלאַגע

פון פראנקרייך האט אויך געוואלט הייסען בלויז א סטראטעגישער שריט צו דער פארטיידיגונג פון פאטערלאנד.

פאר מאנכע דייטשע פאטריאטען האט די ערקלערונג ניט אויסגעזעהען גאר גלאט, און זיי האבען געהאט גוטע גרינדע ניט צו גלויבען עס. זיי האבען פארדעכטיגט אן אורזאכע וועלכע האט זיך געפאסט בעסער צו דער ווירקליכקייט. רוסלאנד, אנפאנגענדיג א נייע עפאכע פון מיליטערישע פארברייטונג, וואלט געווען א פיעל גרעסערע געפאהר פאר דייטשלאנד אין א צוויי, דריי יאהר ארום ווי זי איז דאן געווען. דערוויל וואלט פראנקרייך געהאט פארווירקליכט איהר 3 יאהריגע ארמעע רעפארמע. איז עס דאריבער ניט קלאר, אז אן אינטעליגענטע זעלבסט פארטיידיגונג האט געפאדערט, דאס דייטשלאנד זאל ניט ווארטען ביז זי וועט אטאקירט ווערען פון איהרע שונאים, נאר זאל דאס פאראויסזעהן מיט א צוויי יאהר פריהער און זאל גלייך אנפאנגען די אפענסיווע. און איז עס אויך ניט קלאר אז אזא פארטיידיגונגס מלחמה, אבזיכטליך פראוואצירט פון דייטשלאנד און עסטרייך, מיינט אין דער ווירקליכקייט צו פארמיידען א פארטיידיגונגס קריעג?

ניט זעלטען ווערען די צוויי שטאנדפונקטען פארבונדען אין איין ארגומענט. לאמיר צוגעבען אז עס איז דא צווישען זיי א שטיקעל ווידערשפרוך. איין שטאנדפונקט ערקלערט, אז דייטשלאנד האט ניט געוואלט מלחמה איצט, נאר אז דער קריעג איז אויף איהר ארויפגעווארפען געווארען פון דעם „דריי בונד", און לויט דעם צווייטען שטאנדפונקט האט דייטשלאנד גענומען די איניציאטיווע ארויסצורופען די מלחמה אין דעם איצטיגען מאמענט, ווייל פאר דער „אנטאנט" (דער „דריי בונד") איז איצט די צייט געווען אונגינסטיג פאר א מלחמה. אבער וואס מאכט עס אויס אויב עס איז דא א ווידערשפרוך? דאס קען גאנץ גרינג באזייטיגט ווערען און געשליכטעט ווערען אזוי, אז עס זאל אלץ אויסקומען אז דאס איז א פארטיידיגונגס מלחמה.

אבער די קריעגס פיהרענדע פון דער אנדער זייט האבען

באַשטריטען די גינסטיגע פּאָזיציע פון זיין אויף דער דעפענסיווער זײַט, וועלכע דייטשלאַנד האָט געזוכט אָנצוהאַלטען און זיי האָבען דאָס געטאָן מיט גרויס ערפאָלג. פראַנקרייך האָט ניט געקענט ערלויבען אַ נידערלאַגע פאַר רוסלאַנד אין די אינטערעסען פון איהר אייגענער זעלבסט־פאַרטיידיגונג. ענגלאַנד האָט אָנגעגעבען אַלס אַ תירוץ פאַר איהר אַריינמישען זיך די באַלדיגע געפאַהר פון די בריטאַנישע אינזלען דורך אַ פאַרשטאַרקונג פון דייטשלאַנד׳ס פּאָזיציע לעבען דעם אַריינגאַנג פון קאַנאַל. רוסלאַנד, ענדליך, האָט אויך גערעדט וועגען זעלבסט־פאַרטיידיגונג. עס איז אמת, אַז קיינער האָט ניט געדראָהעט די רוסישע טעריטאָריע. אַבער נאַציאָנאַלע פאַרמעגענס, דאַרפט איהר וויסען, באַשטעהען ניט בלויז אין טעריטאָריעס, נאָר אין אַנדערע אומפּיהלבאַרע זאַכען, צווישען זיי, דער איינפלוס איבער שוואַכערע שטאַאַטען. סערביען געפינט זיך אין דעם קרייז פון רוסישען איינפלוס און דיענט דעם צוועק פון אויפהאַלטען די גלייכגעוויכט פון מאַכט אויף די באַלקאַנען, און ניט בלויז די גלייכגעוויכט פון מאַכט צווישען די באַלקאַנער שטאַאַטען, נאָר צווישען דעם רוסישען און עסטרייכישען איינפלוס. אַן ערפאָלגרייכער עסטרייכישער אַנגריף אויף סערביען דראָהט צו שטערען די גלייכגעוויכט פון מאַכט צום גונסטען פון עסטרייך, און דאַריבער האָט דאָס געמיינט אַן אינדירעקטער אַנגריף אויף רוסלאַנד. סאַזאָנאָוו האָט אָהן צווייפעל געפונען זיין שטאַרקסטען אַרגומענט אין קוועססעל׳ס ווערטער „עס וואָלט געוועזען אַן אונזין צו גלויבען, אַז איין וואַנט קען אַוועקגעריסען ווערען פון אַ העכסט קאָמפּליצירטער הויז (איירָאָפּאַ) ניט שטערענדיג אין געפאַהר די זיכערהייט פון דער גאַנצער געביידע".

עס איז איבריג צוצוגעבען אַז סערביען, מאָנטענעגראָ, בעלגיען און לוקסעמבורג — האָבען אויך געקענט ברענגען באַווייזע וועגען דעם פאַרטיידיגונגס כאַראַקטער פון זייער פּאָליטיק. אויף אַזאַ אופן זיינען אַלע לענדער געוועזען אויף דער דעפענסיווע און קיין איינע איז ניט געוועזען די אַנגרייפענדע. נאָר אויב דאָס איז דער

פֿאַל, טאָ וואס א זין האָבען די טענות וועגען א פאַרטיידיגונגס און אַנגרייפענדער מלחמה, וואס איינער שטעלט ארויס געגען דעם צווייטען? די מאָס וואָס ווערט אַנגעווענדעט אין אַזעלכע פֿעלע איז זעהר פארשידען און איז ניט זעלטען אונמעסטבאַר.

די היסטאָרישע ראָליע פון דער מלחמה איז פאר אונז סאָציאַליסטען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. האָט די מלחמה געהאָלפען פאַרברייטען די שאַפענדע קרעפטע און די שטאאט אָרגאַניזאַציאָנען און האָט אונטערגעאיילט די קאָנצענטראַציע פון די קרעפטען פון ארבייטער־קלאַס? אָדער איז דאָס פאַרקערט, ווען עס דיענען אלס א שטערונג? אָט די מאַטעריאַליסטישע אָפּשאַצונג פון מלחמות שטעהט העכער פון אַלע פאָרמאלע און אויסערליכע מיינונגען און האָט אין איהר נאַטור קיין פאַרבינדונג מיט דער פראגע וועגען אנגריף און פאַרטיידיגונג. און דאָך באַצייכענען צייטענווייז אָט די פאָרמאלע אויסדריקע וועגען מלחמה מיט מעהר אָדער ווייניגער אמת די ווירקליכע באדייטונג פון קריעג. ווען ענגעלס האָט געזאָגט אז די דייטשען האָבען געפיהרט א פאַרטיידיגונגס קריעג אין 1870, האָט ער צום ווייניגסטענס געהאַט אין זינען אַלע באלדיגע פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע אומשטענדען. דער ענטשיידענדער פאַקט פאר איהם איז געווען, אז דייטשלאנד האָט געקעמפט פאר דאָס רעכט פון נאַציאָנאַלע איינהייט, וואָס איז געווען א וויכטיגע באדינגונג פאר דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון לאנד און פאר דער סאָציאַליסטישער פאָראייניגונג פון פּראָלעטאריאַט. אין דעם זעלבען זין האָבען די קריסטליכע פעלקער פון די באַלקאַנען אַנגעפיהרט א פאַרטיידיגונגס קריעג געגען טערקיי, קעמפענדיג פאר זייער רעכט פון אונאָפּהענגיגע נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג געגען פרעמדע הערשאַפט.

די פראגע וועגען די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע אומשטענדען וואס האָבען געפיהרט צו דער מלחמה האָט ניט צו טאָן מיט דער באַדייטונג פון דער מלחמה, פון א היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישען שטאַנדפונקט. די דייטשע

מלחמה געגען דער באָנאַפּאַרט דינאַסטיע איז געווען היסטאָריש אונפאַרמיידליך. אין יענער מלחמה איז דאָס רעכט פון ענטוויק־לונג געווען אויף דער זייט פון די דייטשען. דאָך האָבען יענע היסטאָרישע טענדענצען, מיט זיך אליין, ניט פאַראויסבאַשטימט די פראַגע וועגען דעם, וועלכע פּאַרטיי איז געווען פאַראינטערע־סירט אין ארויסרופען די מלחמה גראָדע אין דעם יאָהר 1870. מיר ווייסען איצט גאַנץ גוט אז ביסמארק'ן האָבען באַוואוינגען אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק און מיליטערישע אויסזיכטען צו נעמען די ווירקליכע איניציאַטיווע אין דער מלחמה. עס האָט אָבער געקענט פּאַסירען פונקט פאַרקערט. מיט מעהר פאָרזיכטיגקייט און ענערגיע האָט די רעגירונג פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען געקענט פאַרכאַפּען דעם וועג פון ביסמארק'ן און זי וואָלט אָנגעהויבען די מלחמה מיט עטליכע יאָהר פריהער. דאָס וואָלט גרינדליך געענ־דערט די נאָהנטע פּאָליטישע אויסזיכטען פון די פּאַסירונגען, אָבער דאָס וואָלט ניט געמאַכט קיין אונטערשיעד אין דער היסטאָ־רישער אָפּשאַצונג פון דער מלחמה.

דער דריטער אין דער רייהע איז דער פאַקטאָר פון דיפּלאָ־מאַטיע. דיפּלאָמאַטיע האָט דאָ צו ערפילען אַ צווייפאַכע אויפ־גאַבע. ערשטענס מוז זי ארויסרופען מלחמה אין דעם מאָמענט וואָס איז אם גינסטיגסטען פאַר איהר אייגען לאַנד,—פון אַ אינטער־נאַציאָנאַלען אַזוי גוט וויא פון אַ מיליטערישען שטאַנדפּונקט. צווייטענס, מוז זי זיך באַנוצען מיט מעטאָדען, וועלכע וועלען פאַר דער געזעלשאַפטליכער מיינונג ארויפוואַרפען די פאַראַנטוואָרטליכ־קייט פאַר דעם בלוטיגען צוזאַמענשטויס אויף דער פיינדליכער רעגירונג. איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון סאָציאַליס־טישער פּאָליטישער אגיטאַציע איז אויפצואווייזען דעם דיפּלאָמאַ־טישען שווינדעל, באַטרוג, און די אונעהרליכקייט. עס מאַכט ניט אויס ווי ווייט עס וועט אונז געלינגען אין דעם, עס איז אָבער קלאָר, אז די נעץ פון דיפּלאָמאַטישע אינטריגעס קען, אן און פאַר זיך, ניט האָבען קיין באַדייטונג סיי בנוגע צו דער היסטאָרישער ראָלע פון

דער מלחמה און סיי בנוגע די אמת׳ע איניציאַטאָרס פון קריעג. ביסמאַרק׳ס ביטרע מאַנעווורעס האָבען געצוואונגען נאַפּאָלעאָן דעם דריטען צו ערקלערען קריעג צו פּרייסען, כאָטש די ווירקליכע איני־ציאַטיווע איז געקומען פון דער דייטשער זייט.

דאָן קומט דער ריין־מיליטערישער בליק. דער סטראַטעגישער פּלאַן פון אָפּעראַציאָנען קען אויסגערעכענט ווערען הויפּטזעכליך פאַר אַ פאַרטיידיגונג אָדער אַנגריף, ניט רעכענענדיג זיך דערמיט, וועלכער צד האָט ערקלערט די מלחמה און וועלכע אונטער וועלכע אומ־שטענדען. ענדליך, די ערשטע האַנדלונגען, אין אויספיהרען דעם סטראַטעגישען פּלאַן, שפּיעלען ניט זעלטען אַ גרויסע ראָליע אין אָפּשאַצען, אויב דער קריעג איז אַ פאַרטיידיגונגס אָדער אַן אַנגריי־פענדע מלחמה.

„עס איז גוט“, — האָט ענגעלס געשריבען צו מאַרקס׳ן, דעם 31טען יולי, 1870, — „וואָס די פראַנצויזען האָבען אַנגעגריפען די ערשטע אויף׳ן דייטשען באָדען. אויב די דייטשען וועלען צוריקשטויסען דעם איבערפאַל און וועלען דערנאָך אריינדרינגען אין פראַנצויזישע טעריטאָריע, דאַן וועט עס זיכער ניט מאַכען דעם זעלבען איינדרוק, ווי אין דעם פאַל, ווען די דייטשען וואָלטען אריינגעמאַרשירט אין פראַנקרייך אָהן אַ פריהערדיגען אָנפאַל. ווי עס איז, פאַרבלייבט די מלחמה, אויף׳ן פראַנצויזישען באָדען, מעהר באָנאַפּאַרטיש“.

אָט אַזוי זעהען מיר דורך דעם קלאַסישען ביישפּיעל פון דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מלחמה, אַז די מאָס אורצוטיילען, אויב אַ מלחמה איז אַ דעפענסיווע אָדער אַנגרייפענדע איז פול מיט ווידערשפּרוכען, ווען צוויי נאַציאָנען קומען אין צוזאַמענשטויס. היינט וויפיעל מעהר ווידערשפּרעכענד, ווען דער צוזאַמענשטויס איז צווישען עטליכע נאַציאָנען. ווען מיר זאָלען פאַרנאַנדערוויקלען דעם פּלאָנטער פון אָנפאַנג אָן, וועלען מיר געפינען די פאָלגענדע פאַרבינדונג צווישען די עלעמענטען פון אַנגריף און פאַרטיידיגונג. דער ערשטער טאַקטישער שריט פון די פראַנצויזען, — אַזוי צום

ווינטסטען דיינקט ענגעלס, — האָט גערופֿט מאַכען דאָס פאָלק פיהלען, אַז די פֿאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם אנגריף פאַלט אויף די פראנצויזען. און דאָך האָט דער גאַנצער סטראַטעגישער פלאַן פון ד׳ דייטשען געהאַט אַן אַבסאָלוטען אנגרייפענדען כאַראַק־טער. דער דיפּלאָמאַטישער צוג פון ביסמאַרק׳ן האָט געצוואונגען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט צו ערקלערען קריעג געגען זיין ווילען און אויף אַזאַ אופן אַרויסווייזען זיך אַלס דער שטערער פון שלום אין אייראָפּאַ, אין דער צייט ווען די מיליטעריש־פּאָליטישע איניציאַ־טיווע פון דער מלחמה איז געקומען פון דער פּרייסישער רעגירונג. אַס די אומשטענדען זיינען פאַר קיין פאַל ניט פון קלענער וויכטיג־קייט פאר דער ה י ס ט אָ ר י ש ע ר אָפּשאַצונג פון דער מלחמה, און זיי זיינען ווייט ניט אין גאַנצען אויסגעשעפּט.

איינע פון די אורזאַכען פון דער מלחמה איז געווען די וואַק־סענדע אַמביציע פון די דייטשען פאַר נאַציאָנאַלע זעלבסט־באַשטי־מונג, וועלכע האָט זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט די דינאַסטישע פּרעטענזיעס פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע. אָבער די נאַציאָנאַלע „פּאַרטיידינונגס מלחמה״ האָט געפיהרט צו דעם, אַז עלזאַס־לאָטרינגען זאָל צוגענומען ווערען און אויף אַזאַ אופן האָט זי זיך אין דער צווייטער מדרגה פאַרוואַנדעלט אין אַ דינאַסטישער מלחמה פאַר ערראָבערונג.

די קאָרעספּאָנדענץ צווישען מאַרקס׳ן און ענגעלס׳ן באַווייזט, אַז אַ׳ן זייער שטעלונג צו דער מלחמה פון 1870 האָבען זיי זיך געשטיצט הויפּטזעכליך אויף היסטאָרישע אויסזיכטען. פאַר זיי איז דאָס נאַטירליך פאַר קיין פאַל ניט געווען אַ פראַגע פון גלייכ־גילטינקייט, ווער עס האָט געפיהרט די מלחמה און ווי אַזוי זי איז אָנגעפיהרט געוואָרען. „ווער וואָלט דאָס באַטראַכט פאַר מעגליך״, שרייבט מאַרקס מיט ביטערקייט, „אַז 22 יאָהר נאָך 1848 וועט אַ נאַציאָנאַליסטישער מלחמה אין דייטשלאַנד געגעבען ווערען אַזאַ טעאָרעטישער אויסדרוק.״ פאַר מאַרקס׳ן און ענגעלס׳ן זיינען די אָביעקטיווע פאַלגען פון דער מלחמה געווען פון אונגעהויערער וויכ־

טינקייט. „אויב פרייסען וועט זיעגען, וועט דאָס מיינען די צענטראַליזאַציע פון דער שטאַאט־מאכט, — ניצליך פאר דער צענטראַליזאַציע פון דעם דייטשען ארבייטער קלאַס".

ליעבקנעכט און בעבעל, אָנפאַנגענדיג מיט דער זעלבער היסטאָרישער אָפּשאַצונג פון דער מלחמה, זיינען געוועזען געצוואונגען אָנצונעמען אַ פּאָליטישע שטעלונג בנוגע דער מלחמה. עס איז פאר קיין פאל ניט געוועזען אין געגענזאַץ צו די אנשויאונגען פון מארקס און ענגעלס, נאָר, פאַרקערט, מיט זייער פאָלשטענדיגער צושטימונג, וואָס ליבקנעכט און בעבעל האָבען זיך ענטזאָגט אין רייכסטאַג צו נעמען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאר דער מלחמה. די ערקלערונג וואָס זיי האָבען געמאַכט האָט זיך געלעזען:

„מיר קענען ניט באוויליגען די מלחמה־הוצאות, וועלכע ווערט געפאָדערט פון רייכסטאַג, ווייל דאָס וואָלט הייסען אַ שטימע פון צוטרויען צו דער פרייסישער רעגירונג... אלס פּרינציפּיעלע געגנער פון יעדען דינאַסטישען קריעג, אלס סאָציאַלע רעפּובליקאַנער און אלס מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־אַסאָציאַציע, וועלכע, אָהן אונטערשיעד פון נאַציאָנאַליטעט, באַקעמפּט אלע אונטערדריקער און וועלכע שטרעבט צו פאַראייניגען אלע אונטערדריקטע אין איין גרויסער ברידערליכער קערפּערשאַפט, קענען מיר זיך ניט ערקלערען דירעקט אָדער אונדירעקט צום גונסטען פון דער איצטיגער מלחמה".

שווייצער האָט אנדערש געהאַנדעלט. ער האָט גענומען די היסטאָרישע אָפּשאַצונג פון דער מלחמה אלס אַ דירעקטען וועגווייזער פאר זיינע האנדלונגען — איינער פון די געפעהרליכסטע פעהלערען! — און שטימענדיג פאר די מלחמה אויסגאַבען, האָט ער געגעבען זיין צוטרויען צו ביסמאַרק'ס פּאָליטיק. ער האָט דאָס געטאָן, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס עס איז געוועזען נויטווענדיג, — אויב די צענטראַליזאַציע פון דער שטאַאט־מאַכט וואָס שטאַמט פון מלחמה וועט זיך ארויסווייזען ניצליך פאר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער זאַך, — אז דער ארבייטער קלאַס זאָל פון סאַמע

אָנפאַנג אָן באַקעמפען די דינאַסטיש־יונקערישע צענטראַליזאַציע מיט זייער אייגענער קלאַסען־צענטראַליזאַציע, אָנגעפילט מיט רע־וואָלוציאָנערען מיסטרויען צו זייערע הערשער.

שווייצער׳ס פּאָליטישע שטעלונג האָט אָפּגעשוואַכט די זעלבע פאָלגען פון דער מלחמה, וועלכע האָבען איהם באַוואויגען צו געבען זיין צוטרויאונגס שטימע צו די, וואָס האָבען געבראַכט די מלחמה.

פערציג יאָהר שפּעטער, מאַכענדיג דעם סך הכל פון זיין לעבענס־אַרבייט, האָט בעבעל געשריבען:

„די שטעלונג וואָס איך און ליעבקנעכט האָבען גענומען ביי דעם אויסברוך פון דער מלחמה און די גאַנצע צייט וואָס זי האָט אָנגעהאַלטען, איז יאָהרי לאַי ־־סקוטיר. געוואָרען און איז זעהר שטאַרק אָנגעגריפען געוואָרען, צוערשט אַפילו אין דער פּאַרטיי; אָבער בלויז פאַר אַ קורצער צייט. דאַן האָבען זיי אָנערקענט אַז מיר זיינען געווען גערעכט. איך בין מודה, אַז מיך פאַרדריסט ניט אויף אַ האָר אונזער שטעלונג, און ווען מיר וואָלטען ביים אויסברוך פון דער מלחמה געוואוסט, דאָס וואָס מיר האָבען אין די שפּעטערדיגע עטליכע יאָהר אויסגעפונען פון אָפיציעלע און אונאָפיציעלע קוועלען, וואָלט אונזער שטעלונג פון סאַמע אָנפאַנג געווען נאָך שטרענגער. מיר וואָלטען ניט בלויז זיך צוריקגעהאַל־טען, ווי מיר האָבען געטאָן, פון שטימען פאַר די ערשטע מלחמה־אויסגאַבען, נאָר מיר וואָלטען געשטימט געגען זיי“. (אויטאָ־ביאָגראַפיע, צווייטע טייל, זייט 167).

ווען מיר פאַרגלייכען די ליבקנעכט ־ בעבעל ערקלערונג פון 1870 מיט האַאַזע׳ס ערקלערונג אין 1914, מוזען מיר קומען צום שלוס, אַז בעבעל האָט געהאַט אַ טעות, ווען ער האָט געזאָגט: „דאַן האָבען זיי אָנערקענט אַז מיר זיינען געווען גערעכט“, ווייל די אָפּשטימונג פון דעם 4טען אויגוסט 1914 איז געווען אַ פאַרדאַ־מונג פון בעבעל׳ס פּאָליטיק מיט פיער־און־פערציג יאָהר צוריק,

ווייל לויט האַזע'ס אויסדריקע, האָט בעבעל פאָרראַטען דאָס פאָטערלאַנד אין אַ צייט פון געפאַהר.

וועלכע פּאָליטישע אורזאַכען און אויסזיכטען האָבען געפיהרט די פּאַרטיי פון דייטשען פּראָלעטאַריאַט אַוועקצואוואַרפען איהרע ערליכע טראַדיציעס? קיין איין וויכטיגע אורזאַכע איז נאָך דערוויי׳ל ניט אָנגעגעבען געוואָרען. אַלע אַרגומענטען וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען, זיינען פול מיט ווידערשפּרעכונגען. זיי זיינען אַזוי ווי די דיפּלאָמאַטישע באַריכטען וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען צו רעכטפערטיגען אַ זאַך, וואָס איז שוין פאַרווירקליכט געוואָרען. דער שרייבער פון די לייט־אַרטיקלען אין דער „נייע צייט" שרייבט, אַז דייטשלאַנד'ס שטעלונג צום צאַריזם איז דיזעלבע ווי זי איז געווען צום באָנאַפּאַרטיזם אין 1870. ער ציטירט אַפּליו פון אַ בריעף צו ענגעלס'ן: „אַלע קלאַסען פון דייטשען פאָלק האָבען פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געווען, פריהער פון אַלץ, אַ פראַגע פון נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און דערפאַר האָבען זיי אַלע גלייך זי אונטערשטיצט". צוליעב דער זעלבער אורזאַכע, זאָגט מען אונז, האָט דאָס די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע זי געשטיצט יעצט. עס איז אַ פראַגע פון נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. שטעלט אַוועק צאַריזם אנשטאַט באָנאַפּאַרטיזם און ענגעלס'עס ווערטער זיינען ריכטיג היינט. און דאָך פאַרבלייבט דער פאַקט אין זיין גאַנצער קראַפט, אַז בעבעל און ליבקנעכט האָבען זיך דעמאָנסטראַטיוו ענטזאָגט צו שטימען סיי פאַר געלט און סיי פאַר צוטרויען צו דער רעגירונג אין 1870. האַלט עס דאָך אויך ניט אויס אַזוי גוט, אויב מ'ווט וועלען אַוועקשטעלען צאַריזם אנשטאַט באָנאַפּאַרטיזם? אויף דער פראַגע איז קיין ענטפער ניט געגעבען געוואָרען.

אָבער וואָס האָט ענגעלס ווירקליך געשריבען אין זיין בריעף וועגען דער טאַקטיק פון דער אַרבייטער פּאַרטיי?

„מיר שיינט עס ניט אַלס מעגליך, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדען קען אַ דייטשע פּאָליטישע פּאַרטיי פּרעדיגען „פּאָלשטענדיגע אָבסטרוקציע" און אַוועקשטעלען אַלערליי אונוויכטיגע פראַגען

איבער דער הויפּט־פראַגע". פ אַ ל ש ט ע נ ד י ג ע אַ ב ס ט ר ו ק צ י ע! — עס איז דאָך אָבער דאָ אַ גרויסער מהלך צווישען פאַלשטענדיגע אבסטרוקציע און פאַלשטענדיגען אונטער־געבען זיך פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. און אַט דער מהלך האָט פאַנאַנדערגעטיילט די שטעלונגען צווישען בעבעל און שווייצער אין 1870. מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען מיט בעבעל'ן און געגען שווייצער'ן. געגנאָסע קאָוטסקי האָט געמענט אַנזאָגען זיין הויפּט שרייבער, הערמאַן ווענדעל, וועגען דעם פאַקט. און עס איז ניט מעהר ווי אַ פאַרלוימדונג פאַר די טויטע אז „סימפּליסיסמוס" זאָל איצט אויס גלייכען אין הימעל די שאָטענס פון בעבעל און ביסמאַרק. אויב „סימפּליסיסמוס" און ווענדעל האָבען דאָס רעכט אויפצואַוועקען אימיצען פון זיין שלאָף אין קבר, כדי צו אונטער־שטיצען די איצטיגע טאַקטיק פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע, איז דאָס ניט בעבעל'ן נאָר שווייצאַר'ן. עס איז דער שאָ־טען פון שווייצער וועלכער אונטערדריקט די פּאָליטישע פאַרטיי פון דייטשען פּראָלעטאַריאַט.

אָבער דער פאַרגלייך צווישען דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מלחמה און די איצטיגע מלחמה איז אויבערפלעכליך און זעהר פאַרפיהרעריש. לאָמיר אָפּלעגען אָן אַ זייט אַלע אינטערנאַציאָ־נאַלע באַציהונגען. לאָמיר פאַרגעסען אז די מלחמה האָט געמיינט פריהער פון אַלעם די פאַרניכטונג פון בעלגיען, און אַז דייטשלאַנד'ס הויפּט חיל איז געשיקט ניט געגען צאַריזם, נאָר געגען דער רעפּוב־ליקאַנער פראַנקרייך. לאָמיר פאַרגעסען אַז דער אַנפאַנג פון דער מלחמה איז געווען די פאַרניכטונג פון סערביען און אַז איינע פון איהרע ציעלען איז געווען צו פאַרשטאַרקען דעם אולטראַ־רעאַקציאָ־נערען שטאַאט פון עסטרייך־אונגאַרן. מיר וועלען זיך ניט אָפּשטע־לען אויף דעם פאַקט, אַז די שטעלונג פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געגעבען אַ גרויסען קלאַפּ צו דער רוסישער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט ווידער אויפגעפלאַקערט מיט אַזאַ קראַפט אין די צוויי יאָהר פאַר דער מלחמה. מיר וועלען פאַרמאַ־

בען אונזערע אויגען צו אַט די אַלטע פאַקטען, פונקט ווי די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע האָט געטאָן דעם 4טען אויגוסט, ווען זי האָט ניט געזעהן אז עס איז דאָ א בעלגיען, אדער עסטרייך־אונגארן. מיר וועלען צוגעבען בלויז די עקזיסטענץ פון דייטשלאַנד.

אין 1870 איז געווען גאַנץ גרינג אויסצורעכענען די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער מלחמה. „אויב פרייסען וועט געווינען, וועט די צענטראַליזאַציע פון דער שטאַאט־מאַכט טרייבען צו דער צענטראַליזאַציע פון דייטשען ארבייטער קלאַס", און איצט ? וואָס וואָלט איצט געווען דער רעזולטאַט פון א פרייסישען זיעג פאַר דעם ארבייטער־קלאַס ?

די איינציגע טעריטאָרישע אויסברייטונג, וועלכע דער דייטשער ארבייטער־קלאַס וואָלט באַגריסט, ווייל דאָס וואָלט פאַרפאַלקאָמט די נאַציאָנאַלע איינהייט, איז א פאַראייניגונג פון דייטש־עסטרייך מיט דייטשלאַנד. יעדער אַנדער אויסברייטונג פון דייטשען פאַטערלאַנד מיינט נאָך א שריט נעהנטער צו פארוואַנדלען דייטשלאַנד פון א נאַציאָנאַלען שטאַאט אין א שטאַאט פון נאַציאָנען, און די פאָלגליכע איינפיהרונג פון אַלע באַדינגונגען, וועלכע מאַכען שווערער דעם קלאַסען־קאַמף פון פראָלעטאַריאַט.

לידינג פרענק האָט געהאָפט — און ער האָט אויסגעדריקט די האָפנונג אין א שפראַך פון א צווייטען לאַסאַל — אז שפּעטער נאָך א זיעגרייכער מלחמה, וועט ער זיך אָפּגעבען מיט דער „אינער־ליכער אויסבויאונג" פון שטאַאט. עס איז קיין צווייפעל ניט אז דייטשלאַנד וועט דאַרפען די „אינערליכע אויפבויאונג" נאָך א זיעג ניט ווייניגער ווי פאַר דער מלחמה. וועט אָבער א זיעג מאַכען די ארבייט גרינגער ? עס איז ניטאָ קיין זאַך אין דייטשלאַנד'ס היסטאָרישע ערפאַהרונג, וואָס זאָל מעהר ווי אין וועלכער עס איז אַנדער לאַנד באַרעכטיגען אַזא האָפנונג.

„מיר האָבען באַטראַכט די האַנדלונג פון די רעגירער פון דייטשלאַנד (נאָך דעם זיעג פון 1870) אלס א פאָלגליכע זאַך",

זאָגט בעבעל אין זיין אויטאָביאָגראַפיע. „עס איז געווען אַן איינפאַכע אילוזיע פון דער פּאַרטיי עקזעקוטיווו צו גלויבען אַז אַ ליבעראַלערער גייסט וועט הערשען אין דער נייער אָרדנונג. און אַט דער ליבעראַלערער רעזשים האָט געזאָלט געגעבען ווערען פון דעם זעלבען מאַן, וועלכער האָט זיך אַליין ארויסגעוויזען צו זיין דער גרעסטער שונא, איך וועל ניט זאָגען פון דעמאָקראַטישע ענטוויקלונג, נאָר אפילו פון יעדע ליבעראַלע טענדענץ און וועלכער האָט איצט, אַלס אַ זיעגער, ארויפגעשטעלט דעם קנאָפּעל פון זיין בלישטשענדען שטיוועל אויף דעם האלז פון דער נייער אימפּעריע.״ (באנד 2, זייט 188).

עס איז אבסאָלוט ניטאָ קיין אורזאכע צו ערוואַרטען איצט אַנדערע רעזולטאַטען פון אַ זיעג ווי די אויבענדערמאָנטע. פאַרקערט. אין 1870 האָט דער פּרייסישער יונקערטום זיך געדאַרפט צוערשט צופּאַסען צו דער נייער קייזערליכער אָרדנונג. ער האָט זיך ניט געקענט פּיהלען אין זאָטעל זיכער מיט איין מאָל. עס האָט גענומען אכט יאָהר צייט נאָך דעם זיעג איבער פראַנקרייך, איידער די אַנטי־סאָציאַליסטישע געזעצע זיינען געפּאַסט געוואָרען. אין די פיער־און־פערציג יאָהר איז דער פּרייסישער יונקערטום געוואָרען דער קייזערליכער יונקערטום. און אויב נאָך אַ האַלבען יאָהר הונדערט פון שטאַרקסטען קלאַסען־קאַמף זאָל דער יונקערטום שטעהן אָן דער שפּיצע פון אַ זיעגרייכער נאַציאָן, דאַרפען מיר ניט צווייפלען, אַז ער וואָלט זיך ניט גענויטיגט אין די דינסטע פון לודוויג פראַנק פאַר דער איגערליכער אויפבויאונג פון שטאַאַט, אויב ער וואָלט זיך צוריקגעקערט גאַנץ פון די פעלדער פון דייטשען זיעג.

אָבער פון פיעל גרעסערער וויכטיגקייט ווי די פאַרשטאַרקונג פון דער קלאַסען־פּאָזיציע פון די הערשער, איז די ווירקונג וואָס אַ דייטשער זיעג וואָלט האָבען אויפ׳ן פּראָלעטאַריאַט זעלבסט. די מלחמה האָט אויסגעבראָכען פון אימפּעריאַליסטישען אַנטאַגאָניזם צווישען קאַפּיטאַליסטישע שטאַאַטען, און דער דייטשער זיעג, ווי

אויבענגערעכנט, קען ברענגען בלויז איין רעזולטאַט — טעריטאָ־
ריעלע עראָבערונג אויף דעם חשבון פון בעלגיען, פראַנקרייך און
רוסלאַנד; האַנדעלס אָפּמאַכען אַרויפגעצוואונגענע אויף איהרע
שונאים און נייע קאָלאָניעס. דער קלאַסען־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט
וואָלט דאַן אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף דעם באַזיס פון דער
קאַפּיטאַליסטישער איבערמאַכט פון דייטשלאַנד, דער אַרבייטער־
קלאַס וואָלט געווען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטען און ענט־
וויקלען די איבערמאַכט, און רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם וואָלט
פאַר אַ לאַנגער צייט פאַראורטיילט געוואָרען צו דער ראָליע פון אַ
פּראָפּאַגאַנדאַ סעקטע.

מאַרקס איז געווען גערעכט, ווען ער האָט פאַראויסגעזעהן
1870, — אַלס רעזולטאַט פון דייטשען זיעג, — אַ שנעלע ענטוויק־
לונג פון דער דייטשער אַרבייטער־באַוועגונג אונטער דער פאָהן פון
וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. איצט אָבער פיהרען אינטערנאַ־
ציאָנאַלע באַדינגונגען צו גאַנץ פאַרקערטע רעזולטאַטען. דייטש־
לאַנד'ס זיעג וואָלט אַוועקנעמען די שאַרפקייט פון דער רעוואָלוציאָ־
נערער באַוועגונג, איהר טעאָרעטישען באַזיס און וואָלט פאַראור־
זאַכט דאָס אָפּשטאַרבען פון די מאַרקסיסטישע אידעען.

אנמערקונג:

ווען טראָצקי רעדט דאָ וועגן קאַפּיטאַליסטישע מלחמות און וועגן דעם שייכות וואָסער סאָציאַליסטן האָבן מיט זיי, שטעלט ער זיך הויפּט־זעכליך אָפּ אויף דער דייטשער און עסטרייכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווייל זיי זיינען אימער געווען דער ביישפּיעל פאר דער אַל־וועלטליכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען די שולע, וואו די סאָציאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט האָבן געלערנט. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען ניט בלויז א פּארטיי פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר זי איז פון אַלעמען באַטראַכט געוואָרען אלס די מעכטיגע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. זי איז געווען די שטאַרקסטע און איינפלוסרייכסטע אין דער סאָציאַליסטישער וועלט. און ווען דיזע פּאַרטיי האָט ניט געקענט אויסהאַלטן די פּראָבע און דעם נסיון פון דער מלחמה און האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעגירונג, איז פאַר טראָצקי'ן, אַזוי גוט ווי פאַר אַלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן דאַן געוואָרען קלאָר, אַז דאָס וועט זיין די אורזאַכע, דאָס עס זאָל זיך פאַרנאַנדערפאַלען דער גאַנצער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, וואו די דייטשע און עסטרייכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געשפּיעלט דעם ערשטען פיעדעל.

אין די קאַפּיטלען דייטעט טראָצקי אָן, אַז די מלחמה האָט אָנגעפאַנגען די אַרביט פון פאַרניכטען דעם נאַציאָנאַלען שטאַאַט. ער דייטעט אָן, אַז ביז דער מלחמה זיינען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געווען נאַציאָנאַלע פּאַרטייען. זיי זיינען געוואָרען רעדער אין דער מאַשין פון דעם נאַציאָנאַלען שטאַאַט און זיי האָבן זיך מיט זייער אָק־טיוויטעט און מיט זייער פּסיכאָלאָגיע צוגעפּאַסט צו דער גאַנצער נאַ־ציאָנאַלער שטאַאַט מאַשינערי. און ווען דער אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט באַהערשט די וועלט, האָט אַרונטערגעריסען די גרענעצען פון נאַ־ציאָנאַלען שטאַאַט, זיינע אויך מיטגעריסען געוואָרען די נאַציאָנאַלע סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען.

דער סאָציאַליזם איז אַבער דאַדורך ניט אונטערגעגאַנגען — ער האָט בלויז צייטווייליג געביטען זיין היסטאָרישע אויסערליכע פאָרמע. פול מיט האָפנונג אין דער צוקונפט, גלויבט טראָצקי, אַז די רעוואָלו־ציאָנערע אידעע הויבט ערשט איצט אָן אויפצולעבען. ער זאָגט, אַז „די אַלטע ערפאַהרונג האָט אונז נאָכאַמאָל איבערצייגט, אַז אויב די סאָציאַל־

דעמאָקראַטיע שטעלט די נאַציאָנאַלע אויפגאַבען העכער פון די קלאַסען־אויפגאַבען, באַגעהט זי דערמיט דעם גרעסטען פאַרברעכען ניט בלויז געגען סאָציאַליזם, נאָר אויך געגען די אינטערעסען פון דער נאַציאָן, ווי דאָס ווערט פאַרשטאַנען אין דעם ברייטען און אמת'ן זין פון וואָרט."

מלחמה איז די מעטאָדע, דורך וועלכער דער קאַפּיטאַליזם, ווען ער קומט צו דער העכסטער שטופע פון ענטוויקלונג, זוכט צו לייזען זיינע ווידערשפּרוכען, וואָס זיינען אונלייזבאַר. טראָצקי'ס אידעע איז, דאָס געגען דער מעטאָדע דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אַרויסשטעלען זיין אייגענע מעטאָדע — די מעטאָדע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

# קאַפּיטאַליסטישע מלחמות.

## וואָסער שייכות האָבען סאָציאַליסטען מיט קאַפּיטאַליסטישע מלחמות?

די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע, וועט מען אונז זאָגען, וויל ניט קיין זיעג. אונזער ענטפער מוז זיין ערשטענס, אַז דאָס איז ניט אמת. וואָס די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וויל איז ארויסגעזאָגט געוואָרען אין איהר פּרעסע. די סאָציאַליסטישע צייטונגען, מיט צוויי אָדער דריי אויסנאַמען, ציינען טאָג־טעגליך אָן דעם דייטשען ארבייטער, אַז אַ זיעג דורך'ן דייטשען שווערד איז זיין זיעג. דאָס פארכאַפּען פון מאָבעזש, דאָס זינקען פון דריי ענגלישע קריעגס־שיפען, אָדער דאָס פאַלען פון אַנטווערפּען האָט ערוועקט אין דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּרעסע דיזעלבע געפיהלען, וועלכע ווערען ארויסגערופען דורך אַ געווינס פון אַ נייעם וואהל־קרייז אָדער דורך אַ זיעג אין אַ קאַמף פאַר העכערע שכירות. מיר טאָרען ניט פאַרזעהן דעם פאַקט, אַז די דייטשע ארבייטער־פּרעסע, די פּאַרטיי פּרעסע, אַזוי גוט ווי די טרייד יוניאָן צייטונגען, זיינען איצט אַ סעמפּיטער מעכאַניזם, וועלכער אנשטאַט צו ענטוויק־לען דעם פאָלקס ווילען פאַר'ן קלאַסען־קאַמף, ערציהט גאָר דאָס פאָלק צו שטרעבען נאָך מיליטערישע זיעגע. איך האָב ניט אין זינען די מיאוס'ע שאָוויניסטישע שטעלונג פון איינצעלנע אָרגאַנען, נאָר דעם הערשענדען סענטימענט פון דער גרויסער מאַיאָריטעט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונגען. דער סיגנאַל פאַר דעם איז וואַרשיינליך געגעבען געוואָרען דורך דער אפשטימונג פון דער סאָציאַליסטישער פראַקציע דעם 4טען אויגוסט.

אָבער די פראַקציע האָט ניט געדענקט וועגען אַ דייטשען זיעג.

זי האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע בלויז צו פאַרמיידען די געפאַהר, וועלכע האָט געדראָהעט פון דרויסען, צו פאַרטיידיגען דאָס פאַטער־לאַנד. דאָס איז געווען אַלעס.

און דאָ קומען מיר צוריק צו דער פראַגע פון פאַרטיידיגונגס און אַנגרייפענדע מלחמות. די דייטשע פרעסע, אַר־יינרעכענענדיג די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַנען, הערט ניט אויף צו ווידער־האָלען אַז דייטשלאַנד איז די איינציגע פון אַלע לענדער, וועלכע געפינט זיך אין אַ פאַרטיידיגונגס פּאָזיציע אין דער מלחמה. מיר האָבען שוין באַטראַכט די סטאַנדאַרדס פאַר באַשטימען דעם אונטערשיעד צווישען אַן אַנגרייפענדען קריעג און אַ פאַרטיידיגונגס מלחמה. די סטאַנדאַרדס זיינען פיעלע און ווידערשפּרעכענדע. אָבער אין דעם פאַל זאָגען זיי איינשטימיג עדות אַז די דייטשע מיליטערישע האַנדלונגען קענען אונטער קיינע אומשטענדען ניט באַטראַכט ווערען אַלס די פיהרונג פון אַ פאַרטיידיגונגס־קריעג. דאָס האָט אָבער ניט קיין איינפלוס אויף דער טאַקטיק פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע.

פון אַ היסטאָרישען שטאַנדפּונקט איז דער נייער דייטשער אימפּעריאַליזם, ווי מיר ווייסען עס שוין, דורכאויס אַנגרייפענד. זיינענדיג געשטופּט פאָראויס דורך דער פיבערהאַפטער ענטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע, שטערט דער דייטשער אימפּע־ריאַליזם די אַלטע גלייכגעוויכט פון מאַכט צווישען די שטאַאַטען און ער שפּיעלט די ערשטע פידעל אין דעם געיעג פאַר באַוואָפענונג.

און פון דעם שטאַנדפּונקט פון וועלט־פּאָליטיק האָט דער איצטיגער מאָמענט געשיינט צו זיין פאַר דייטשלאַנד דער גינסטיג־סטער צו געבען איהרע קאָנקורענטען אַ פאַרניכטענדען קלאַפּ — דאָס פאַרקלענערט אָבער ניט אפילו אויף אַ האָר די שולד פון דייטשלאַנד'ס שונאים.

דער ד י פּ ל אָ מ אַ ט י ש ע ר בליק אויף פּאַסירונגען לאָזט ניט איבער קיין צווייפעל ווענן דער ליטענדער ראָלע, וואָס דייטשלאַנד האָט געשפּיעלט אין עסטרייך'ס אויפרייצענדע האַנד־

לונג אין סערביען. דער פאקט, אז דעם צאר'ס דיפלאמאטיע איז, ווי געוועהנליך, געווען נאך מעהר שענדליך, ענדערט ניט די לאגע.

פון דעם ס ט ר א ט ע ג י ש ע ן שטאנדפונקט איז דייטש־לאנדס גאנצער קריעג געווען באגרינדעט אויף א ריזיגען אנגריף.

און ענדליך פון דעם שטאנדפונקט פון ט א ק ט י ק, איז דער ערשטער שריט פון דער דייטשער ארמעע געווען די פארגוואל־טיגונג פון בעלגיען'ס נייטראליטעט.

אויב דאס אלעס איז פארטיידיגונג, טא וואס זשע הייסט אנגריף? אבער אויב מיר זאלען אפילו אננעמען, אז די פאסי־רונגען ווי זיי זיינען פארגעשטעלט געווארען אין דער דיפלאמא־טישער שפראך לאזען זיך אנדערש אויסטייטשען — כאטש די ערשטע צוויי בלעטער פון „ווייסען בוך" זיינען זעהר קלאר און לאזען זיך ניט טייטשען,—האט דען ניט די רעוואלוציאנערע פארטיי פון ארבייטער־קלאס קיין אנדער סטאנדארד צו באשטימען איהר פאליטיק ווי די דאקומענטען וואס זיינען צוגעשטעלט געווארען פון א רעגירונג, וועלכע איז שטארק פאראינטערעסירט אין אפנארען זי?

„ביסמארק האט גענארט די גאנצע וועלט", זאגט בעבעל, „און ער האט געוואוסט ווי אזוי צו מאכען צו גלויבען, אז נאפאלעאן איז דאס געווען דער יעניגער וואס האט פראוואצירט די מלחמה, בעת ער אליין, דער פרידען־ליבענדער ביסמארק, און זיין פאליטיק האבען זיך געפונען אין דער פאזיציע פון אנגעגריפענע.

„די פאסירונגען פון פאר דער מלחמה זיינען געווען אזוי פארפיהרעריש, אז דאס וואס פראנקרייך איז גאר ניט געווען צוגע־גרייט צו דער מלחמה, ווי זי אליין האט ערקלערט, איז בכלל פארזעהן געווארען, אין דער צייט וואס אין דייטשלאנד, וועלכע האט געשיינען צו זיין די אנגעגריפענע, זיינען די פארבערייטונגען צו דער מלחמה פארטיג געווען ביז צום לעצטען נאגעל און די מאביליזאציע איז אנגעגאנגען מיט דער פינקטליכקייט פון א זייגער". (בעבעל'ס אויטאביאגראפיע, באנד 3, ז. 168—167).

נאָך אַזאַ היסטאָרישען פּרעצעדענט וואָלט מען געקענט ערוואַרטען מעהר קריטישע פאָרזיכטיגקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

עס איז גאַנץ ריכטיג אַז בעבעל האָט מעהר ווי איין מאָל ווידערהאָלט זיין באַהויפּטונג, אַז אין פאַל פון אַן אַנגריף אויף דייטשלאַנד וועט די סאָציאַל דעמאָקראַטיע פאַרטיידיגען דאָס פאָטערלאַנד. אויף דעם צוזאַמענפאַר וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין עססען, האָט איהם קאַוטסקי געענטפערט:

„לויט מיין מיינונג קענען מיר אויף זיכער ניט פאַרשפּרעכען צו טיילען די באַגייסטערונג פון דער רעגיערונג פאַר מלחמה, יעדעס מאָל וואָס מיר זיינען איבערצייגט, אַז דאָס לאַנד איז געדראָהעט פון אַן אַנגריף. בעבעל דיינקט, אַז מיר האָבען געמאַכט פיעל פאָרטשריט זינט 1870 און אַז איצט זיינען מיר אימשטאַנד צו באַשליסען, אין יעדען פאַל, אויב די דראָהענדע מלחמה איז ווירקליך אַ אַנגרייפענדע, אָדער ניט. איך וואָלט ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט. איך וואָלט ניט וועלען אונטערנעמען זיך צו גאַראַנטירען אַז מיר וועלען קענען קומען צום ריכטיגען באַשלוס אין יעדען פאַל, און אַז מיר וועלען שטענדיג וויסען אויב אַ רעגירונג נאַרט אונז אָפּ, אָדער זי אַרבייט ווירקליך אין די אינטערעסען פון דער נאַציאָן געגען אַן אַנגרייפענדער מלחמה... נעכטען איז עס געווען די דייטשע רעגירונג, וועלכע האָט געמאַכט דעם אַנגריף, מאָרגען וועט עס זיין די פראַנצויזישע רעגירונג און מיר קענען ניט וויסען, אויב מיט אַ טאָג שפּעטער זאָל די ענגלישע רעגירונג ניט מאַכען אַן אַנגריף... די רעגיערונגען בייטען זיך שטענדיג מיט די ראָלען. דער פאַקט איז, אַז וואָס אונז אינטערעסירט אין פאַל פון מלחמה איז ניט אַ נאַציאָנאַלע, נאָר אַ אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע. אַ מלחמה צווישען גרויסמעכטע וועט דאָך פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ וועלט־מלחמה און וועט באַריהרען גאַנץ אייראָפּאַ, און ניט בלויז צוויי לענדער. די דייטשע רעגירונג האָט נאָך אַמאָל געקענט באַוועגען דעם

דייטשען פראלעטאריאט צו גלויבען, אז זיי ווערען אנגעגריפען; די פראנצויזישע רעגירונג האט געקענט טאן דאסזעלבע מיט איהרע אונטערטאנען און דאן וואלטען מיר געהאט א מלחמה אין וועלער די פראנצויזישע און דייטשע ארבייטער וואלטען נאכגעפאלגט זייערע אייגענע רעגירונגען מיט גלייכער באגייסטערונג און זיי וואלטען געמארדעט איינע די אנדערע און געשניטען איינע די אנדערע די העלזער. אזא צופאל מוז פארמידען ווערען און עס וועט פארמידען ווערען אויב מיר וועלען אננעמען אלס א סטאנדארד ניט דעם אנגרייפענדען אדער פארטיידיגונגס־קריעג, נאר די אינטערעסען פון פראלעטאריאט, וועלכע זיינען צו דערזעלבער צייט אינטערנאציאנאלע אינטערעסען... גליקליכערווייזע איז עס א פאלשער באגריף צו דיינקען, אז די דייטשע סאציאל־דעמאקראטיע, אין פאל פון קריעג, וואלט זיך וועלען רעכנען מיט נאציאנאלע און ניט מיט אינטערנאציאנאלע פראגען און וואלט זיך געפיהלט צוערשט אלס א דייטשע און דאן אלס א פראלעטארישע פארטיי".

מיט גלענצענדער קלארקייט דעקט קאוטסקי אויף אין דער רעדע די שרעקליכע געפאהרען — איצט נאך א שרעקליכערע ווירקליכקייט — וועלכע ליגען באהאלטען אין דעם פארזוך צו מאכען די שטעלונג פון דער סאציאל־דעמאקראטיע אפהענגיג פון אן אונבאשטימטער און ווידערשפרעכענדער פארמאלער אפשאצונג, אויב א מלחמה איז אן אנגרייפענדע אדער א פארטיידיגענדע. בעבעל אין זיין ענטפער האט ניט געזאגט קיין ווערטער, און זיין שטאנדפונקט האט אויסגעוויזען גאנץ אונערקלערליך, ספעציעל נאך זיינע אייגענע ערפאהרונגען פון דעם יאהר 1870.

פונדעסטוועגען האט בעבעל'ס שטעלונג, ניט אכטענדיג אויף דער טעארעטישע אונבאקוועמליכקייט, געהאט א גאנץ באשטימטע פאליטישע באדייטונג. די אימפעריאליסטישע טענדענצען, וועלכע די געפאהר פון מלחמה האט מיטגעבראכט, האבען אויסגע־שלאסען פאר דער סאציאל דעמאקראטיע די מעגליכקייט צו ערווארטען א רעטונג דורך א זיעג פון וועלכער־עס־איז מלחמה־פיהרענדער

פּאַרטיי. צוליעב אָט דער אורזאַכע איז איהר גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט אָנגעווענדעט געוואָרען צו פאַרמיידען קריעג, און די הויפּט אויפגאַבע איז געווען צו האַלטען די רעגירונגען באַזאָרגט וועגען די פאָלגען פון אַ מלחמה.

„די סאָציאַל דעמאָקראַטיע", זאָגט בעבעל, „וועט זיין געגען יעדע רעגירונג, וועלכע נעמט די איניציאַטיווע אין דער מלחמה". ער האָט דאָס געמיינט אַלס אַ סטראַשונאָק צו דער רעגירונג פון ווילהעלם דעם צווייטען. „נעמט אונז ניט אַריין אין רעכנונג, אויב איהר וועט ווען עס איז באַשליסען צו געברויכען אייערע קאַנאָנען און אייערע קריעגס־שיפען". דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו פּעטערבורג און לאָנדאָן „זאָלען זיי בעסער זיין פאָרזיכטיג ניט צו אַטאַקירען דייטשלאַנד, שטיצענדיג זיך אויף דער אינערליכער שוואַכקייט צוליעב דער שטערענדער פּאָליטיק פון דער מעכטיגער דייטשער סאָציאַל דעמאָקראַטיע".

בעבעלס אויסדרוק איז געווען ניט קיין פּאָליטישע לעהרע, נאָר אַ פּאָליטישער סטראַשונאַק, וועלכער איז געווען געווענדעט אין דער זעלבער צייט אויף צוויי פראָנטען, דעם אינערליכען פראָנט און דעם אויסערליכען פראָנט. זיין איינציגער איינגע׳עקשן׳טער ענטפער צו אַלע היסטאָרישע און לאָגישע אויסזעצונגען איז געווען: „מיר וועלען געפינען אַ וועג אַרויסצושטעלען אין דער עפענטליכ־קייט די רעגירונג, וועלכע וועט נעמען דעם ערשטען שריט צו מלחמה. מיר זיינען קלוג גענוג דאָס צו טאָן".

די דראָהענדע שטעלונג ניט נאָר מצד פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נאָר אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַרטיי, איז ניט פאַרבליבען אָהן רעזולטאַטען. די פאַרשידענע רעגירונגען האָבען באמת אָנגעווענדעט אַלע קרעפטען אָפּצוציהען דעם אויסברוך פון דער מלחמה. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. די הערשער און די דיפּלאָמאַטען זיינען צוויי מאָל פאָרזיכטיג אין צופּאַסען זייערע שריט צו דער פּאַסיפיסטישער פּסיכאָלאָגיע פון

די מאסען. זיי האבען זיך געשושקעט מיט די סאציאליסטישע פיהרער, האבען זיך ארומגעדרעהט ארום דעם „אינטערנאציאנאל“, און אויף אזא אופן האבען זיי געשאפען א שטימונג, וועלכע האט מעגליך געמאכט פאר זשארעס און האאזע צו ערקלערען אין בריסעלס, מיט א פאר טעג איידער די מלחמה האט אויסגעבראכען, אז זייערע רעגירונגען האבען קיינע אנדערע אנזיכטען ניט געהאט ווי צו אפהיטען דעם פרידען. און ווען דער שטורם האט אויסגעבראכען, האט די סאציאל דעמאקראטיע פון יעדער לאנד געזוכט דעם שולדיגען — אויף דער אנדער זייט פון גרענעץ. בעבעל׳ס אויסדרוק, וועלכער האט געשפיעלט די באשטימטע ראלע פון א סטראשונאק, האט פארלארען די גאנצע געוויכט, אזוי שנעל ווי די ערשטע קויל איז אויסגעשאסען געווארען אויף די גרענעצען. די שרעקליכע זאך, וועלכע קאוטסקי האט פאראויסגעזאגט, איז פארווירקליכט געווארען.

וואס עס קוקט אויס אויפ׳ן ערשטען בליק אם מערסטען איבערראשענד, איז דאס וואס די סאציאל דעמאקראטיע האט באמת ניט געפיהלט די נויטווענדיגקייט פון א פאליטישען סטאנדארד. אין די מאטיווען וועגען דער קאטאסטראפע וואס האט געטראפען דעם אינטערנאציאנאל האט זיך געפיהלט אן איבערפלעבליכקייט. זיי האבען ווידערשפראכען איינע די אנדערע און זייגען געווען ניט וויכטיג — דער הויפט ארגומענט איז געווען אז ד א ס פ א ט ע ר ל א נ ד מ ו ז פ א ר ט י י ד י ג ט ו ו ע ר ע ן. ניט רעכענענדיג זיך מיט די היסטארישע רעזולטאטען פון דער מלחמה, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעמאקראטיע און מיט׳ן קלאסען־קאמף, האט מען בלויז געהאט אין זין, אז דאס פאטערלאנד, וועלכעס איז צו אונז אראפגעקומען היסטאריש, מוז פארטיידיגט ווערען. און פארטיידיגט מוז עס ווערען ניט דערפאר, וואס אונזער רעגירונג האט געוואלט שלום און זי איז „באטריגעריש אטאקירט געווארען“, ווי מאנכע „אינטערנאציאנאליסטען“ ווילען עס האבען, נאר דערפאר, ווייל ווען עס ברעכט אויס א מלחמה

קומט פאַר יעדען קריעגס־פיהרענדען לאַנד די געפאהר צו ווערען איבערפאַלען און באַזיעגט, ניט רעכענענדיג זיך מיט די באַדינ־גונגען און מיטלען דורך וועלכע די מלחמה איז פּראָוואָצירט געוואָ־רען, און ניט אַכטענדיג דערויף ווער עס איז געווען גערעכט און ווער אומגערעכט. טעאָרעטישע, פּאָליטישע, דיפּלאָמאַטישע און מיליטערישע באַטראַכטונגען ווערען פארוואַנדעלט אין רואינעס, ווי פון אַ ערד ־ ציטערניש, אַ שרפה אָדער אַ פאַרפליייצונג. די רעגירונג מיט איהר אַרמעע ווערט דערהויבען צו אַ פּאָזיציע פון דער איינציגער מאַכט וועלכע קען באַשיצען און ראַטעווען דאָס פאָלק. די גרויסע מאַסען פון פאָלק קערען זיך אום צו אַ פאַר־פּאָליטישען צושטאַנד. דיזער געפיהל פון די מאַסען, די ערשטע אָפּשפּיגלונג פון דער קאַטאַסטראָפע, דאַרף ניט קריטיקירט ווערען, ווייל דאָס איז בלויז אַ צייטווייליגער געפיהל. עס איז אָבער גאָר אַן אַנדער־ פראַגע בנוגע דער שטעלונג פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטי, די פאַראַנטוואָרטליכע פּאָליטישע פארטרעטערין פון די מאַסען. די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען פון די פּראָמעגליכע קלאַסען און ספּעציעל די מאַכט פון דער רעגירונג זעלבסט זיינען ניט בלויז געשוואַכמען מיט׳ן שטראָם. זיי האָבען זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט און מיט פיעל ענערגיע און דורך פאַרשירענע וועגען האָבען זיי געזוכט צו פאַרשטאַרקען די אונפּאָליטישע שטימונג און צו פאַראייניגען די מאַסען אַרום דער אַרמעע און אַרום דער רעגירונג. די סאָציאַל דעמאָקראַטיע איז ניט נאָר ניט געוואָרען טעטיג אין דער גענענזייטיגער ריכטונג, נאָר פון דעם ערשטען מאָמענט אָן האָט זי זיך אונטערוואָרפען דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג און דעם אונבאַוואוסטזיניגען געפיהל פון די מאַסען. און אַנשטאַט צו באַוואָפנען די די מאַסען מיט די וואָפען פון קריטיק און מיסטרויען, כאָטש מיט אַ פאַסיווער קריטיק און פאַסיווען מיסטרויען, האָט זי אַליין מיט איהר גאַנצער שטעלונג געטריבען דאָס פאָלק אויפ׳ן וועג פון דעם פאַר־פּאָליטישען צושטאַנד. זי האָט פאַרלייקענט איהר טראַדיציע פאַר פופציג יאָהר צייט דורך איהר פאָלשטענדיגער

באריימקייט, וועלכע איז וויינינער פון אלץ נעציעלט געוואָרען צו ערוועקען אכטונג ביי די הערשער.

בעטמאן - האלוועג האָט אנאָנסירט אז די דייטשע רעגירונג האָט געהאט דעם פאָלשטענדיגען צוטרויען פון דייטשען פאָלק און, נאָך דער באהויפטונג פון „פאָרווערטס" און נעמענדיג אין אנבעטראכט די שטעלונג פון דער סאָציאל דעמאָקראטיע, האָט ער געהאט פאָלשטענדיג רעכט דאָס צו זאָגען. ווען געוויסע אומשטענ־דען וואָלטען איהם נים באוואויגען אפצולעגען פאָליטישע פאָלעמיק אויף א גינסטיגערען מאָמענט, האָט ער געקאָנט זאָגען פאָלגענדעס ביי דער רייכסטאג זיצונג פון 4טען אויגוסט, אדרעסירענדיג די פארטרעטער פון סאָציאליסטישען פּראָלעטאריאט: „היינט שטימט איהר איין מיט אונז, ווייל איהר זעהט איין די געפאהר וועלכע דראָהעט דאָס פאטערלאנד און איהר פאראייניגט זיך מיט אונז אין דעם פארזוך צו באזייטיגען די געפאהר דורך געוועהר. אָבער די געפאהר איז נים אויסגעוואקסען ערשט נעכטען. איהר האָט דאָך ווארשיינליך פריהער אויך געוואוסט פון דער עקזיסטענץ און פון די טענדענצען פון צאריזם און איהר האָט געוואוסט, אז מיר האָבען געהאט אויך אנדערע שונאים. און אויב אזוי, טאָ מיט וואָס פאר א רעכט האָט איהר אונז אטאקירט ווען מיר האָבען אויפגעבויט אונזער ארמעע און פלאָטע? מיט וואָס פאר א רעכט האָט איהר זיך ענטזאגט צו שטימען פאר די מיליטערישע אויס־גאָבען יאָהר איין יאָהר אויס? איז דאָס געווען אויס פארראָט, אָדער אויס בלינדקייט? אויב מיר וואָלטען טאקע נים אויפגעבוים אונזער ארמעע, וואלטען מיר איצט געווען הילפלאָז נעגען דער רוחישער געפאהר, וועלכע האָט אייך געבראכט צום שכל. ווי פיעל הוצאות איהר וואָלט איצט נים באוויליגט, וואָלטען זיי נים פאר־ריכט דעם פארלוסט פאר דער גאנצער צייט. מיר וואָלטען איצט געווען אָהן וואפען, אָהן קאנאָנען, אָהן פעסטונגען. מיט אייער היינטיגען שטימען פאר דעם מלחמה־קרעדיט פון פינף ביליאָן גיט איהר צו, אז אייער אל־יעהרליכע נעגנערשאפט צום בודושעט אין

געווען בלויז אַ פּוסטע דעמאָנסטראַציע, און, וואָס איז נאָך ערגער, עס איז געווען אַ שטיק פּאָליטישע דעמאַגאָגיע. אַזוי שנעל ווי איהר זייט געשטעלט געוואָרען פּנים אל פּנים מיט אַן ערנסטען היסטאָרישען אַנאַליז, האָט איהר פאַרלייקענט אייער גאַנצע פאַרגאַנגענהייט".

אָט דאָס האָט דער רייכסקאַנצלער געקאָנט זאָגען, און זיין רעדע וואָלט געווען איבערצייגענד. און וואָס וואָלט האאַזע געקאָנט ענטפערען?

„מיר האָבען קיין מאָל ניט גענומען קיין שטעלונג אין באַצוג צו דייטשלאַנד'ס ענטוויקלונג, צוליעב די געפאַהרען פון אויסער־ליכע שונאים. אַזאַ לעבערליכער שלום איז קיין מאָל ניט געווען אין אונזערע געדאַנקען. אַזוי לאַנג ווי אינטערנאַציאָנאַלע באַדינ־גונגען באַשאַפען מיט זיך אַליין אַ געפאַהר פאַר מלחמה, ווילען מיר אַז דייטשלאַנד זאָל זיין זיכער געגען אַן איבערפאַל און פאַרשקלאַפונג. וואָס מיר ווילען איז — צו שאַפען אַזאַ מילי־טערישע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע קען ניט — ווי עס איז דער פאַל מיט אַ קינסטליך באַשאַפענער אָרגאַניזאַציאָן — געמאַכט ווערען צו דינען קלאַסען עקספּלואַטאַציאָן אין דער היים און אימפּעריאַליס־טישע אונטערנעמונגען אין אויסלאַנד, אָבער וועלכע וועט זיין אונבאַזיגבאַר אין נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג. מיר ווילען אַ מיליץ. מיר קענען אייך ניט אַנפערטרויען מיט דער ארבייט פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג. איהר האָט פאַרוואַנדעלט די אַרמעע אין אַ שול פון רעאַקציאָנערע איבונגען. איהר האָט געמושטירט די אָפיצערסקע קאָרפּוסען צו האַסען דעם וויכטיגסטען קלאַס אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, דעם פּראָלעטאַריאַט. איהר זייט פעהיג צו ריזיקירען מיט מיליאָנען מענשליכע לעבענס, ניט פאַר די אמת'ע אינטערעסען פון פאָלק, נאָר פאַר די עגאָאיסטישע אינ־טערעסען פון דער הערשענדער מינאָריטעט, וועלכע איהר פאַרדעקט אונטער דעם מאַנטעל פון נאַציאָנאַלע אידעאַלען און כבוד פון שטאַאַט. מיר טרויען אייך ניט און דערפאַר האָבען מיר יאָהר־

איין און יאהר־אוים ערקלערט: „קיין איין מאן און קיין איין סענט פאר דער קלאסען רעגירונג!"

„אבער פינף ביליאן!" קענען זיך דערהערען שטימען פון רעכטס און לינקס.

„אומגליקליכערווייזע האבען מיר איצט ניט קיין אנדער ברירה. מיר האבען ניט קיין אנדער ארמעע אויסער דער וואס איז באשאפען געווארען פון די איצטיגע הערשער פון דייטשלאנד, און דער שונא שטעהט הינטער אונזערע טויערען. מיר קענען ניט אויף דעם מאמענט איינפיהרען א פאלקס־מיליץ אנשטאט ווילהעלם דעם צווייטענס ארמעע, און אין דעם פאל קענען מיר ניט ענטזאגען שפייז, קליידער און קריעגס־מאטעריאלען צו דער ארמעע, וועלכע פארטיידיגט אונז, עס מאכט ניט אוים ווי אזוי זי איז צוזאמענגעשטעלט. מיר לייקענען ניט אונזער פארגאנגענהייט און מיר זאגען זיך ניט אפ פון דער צוקונפט. מיר זיינען געצוואונגען צו שטימען פאר די מלחמה אויסגאבען".

דאס וואלט געווען די איבערצייגענסטע רעדע וואס האזע וואלט געקאנט האלטען.

דאך, כאטש אזא בליק האט געקאנט געבען אן ערקלערונג ווארום די סאציאליסטישע ארבייטער אלס בירגער האבען ניט געשטערט די מיליטערישע ארגאניזאציאן און האבען בלויז ערפילט זייער בירגערליכע פליכט, וועלכע איז אויף זיי ארויפגעצוואונגען געווארען דורך די אומשטענדען, וואלטען מיר נאך אלץ געווארט אויף אן ענטפער צו דער הויפט פראגע: ווארום האט די סאציאל־דעמאקראטיע, אלס א פאליטישע ארגאניזאציאן פון א קלאס, וועלכען מען האט ענטזאגט א חלק אין דער רעגירונג, אלס א ביטער־רער שונא פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, אלס א רעפובליקאנער פארטיי, אלס א טייל פון אינטערנאציאנאל — ווארום האט זי גענומען אויף זיך אליין די פאראנטווארטליכקייט פאר די האנד־לונגען פון איהרע פארביסענע קלאס־שונאים?

אויב עס איז פאר אונז אויף דעם מאמענט אונמעגליך צו

שאַפֿען אַ מיליץ אנשטאַט דער האַהענצאָלערן ארמעע, הייסט דאָס אָבער ניט, אַז מיר מוזען איצט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרט־ליכקייט פאַר דער האנדלונג פון דער ארמעע. אויב אין צייט פון פרידליכער, נאָרמאַלער שטאַאַט פאַרוואַלטונג פיהרען מיר קריעג געגען דער מאָנאַרכיע, בורזשואַזיע און מיליטאַריזם, און מיר זיינען פאַרפליכטעט צו די מאַסען אָנצופיהרען די מלחמה מיט דער גאַנ־צער געוויכט פון אונזער מאַכט, דאַן באַגעהן מיר דעם גרעסטען פאַרברעכען געגען דער צוקונפט, ווען מיר גיבען איבער אונזער אויטאָריטעט צו דער מאָנאַרכיע, בורזשואַזיע און מיליטאַריזם אין דער צייט ווען זיי באַנוצען זיך מיט די שרעקליכע באַרבאַרישע און אונמענשליכע מלחמה־מעטאָדען.

ניט די נאַציאָן און ניט דער שטאַאַט קען אויסמיידען די פליכט פון פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד. אָבער ווען מיר ענט־זאַגען אונזערע הערשער אונזער צוטרויען, באַרויבען מיר אויף קיין פאַל ניט דעם בורזשואַזען שטאַאַט פון זיינע געוועהר אָדער מיטלען פון פאַרטיידיגונג אָדער אַפילו פון אנגריף — אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען ניט שטאַרק גענוג ארויסצורייסען די מאַכט פון איהרע הענט. אין צייט פון מלחמה, ווי אין צייט פון פריעדען, זיינען מיר אַן אָפּאָזיציאָנס פאַרטיי און ניט אַ פאַרטיי וועלכע האָט מאַכט. אויף אַזאַ אופן קענען מיר אויך גיכער דינען דעם טייל פון אונזער אויפגאַבע, וועלכע מלחמה ברענגט ארויס אַזוי בולט — די ארבייט פון נאַציאָנאַלער אונאָפּהענגיגקייט. די סאָציאַל דעמאָקראַטיע קען ניט איבערלאָזען אַז דער שיקזאַל פון וועלכער־עס־איז נאַציאָן, די אייגענע אָדער אַן אנדער נאַציאָן, זאָל זיין אָפּהענגיג פון מיליטערישען ערפאָלג. און ארויפוואַרפענדיג אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען שטאַאַט די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די מעטאָדען מיט וועלכע ער פאַרטיידיגט אונאָפּהענגיגקייט, דאָס הייסט, די פאַרנוואַלדיגונג פון דער אונאָפּהענגיגקייט פון אנדערע שטאַאַטען, לעגט אוועק די סאָציאַל דעמאָקראַטיע דעם גרונד־שטיין פאַר אמת'ע נאַציאָנאַלע אונאָפּהענגיגקייט און דעם געוויסען פון

די מאַסען פון אַלע פעלקער. דורך אָפּהיטען און אַנטוויקלען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון די ארבייטער, פאַרזיכערען מיר די אונאָפּהענגיגקייט פון דער נאַציאָן — און מיר מאַכען זי אונאָפּהענגיג פון דער פאַרשקלאַפּונג פון קאַנאַנען.

אויב צאַריזם איז אַ געפאַהר פאַר דייטשלאַנדס אונאָפּהענגיג־קייט, איז דאָ בלויז איין מיטעל, וועלכער קען ערפאָלגרייך באַזיי־טיגען די געפאַהר און דער מיטעל איז — די סאָלידאַריטעט פון די רוסישע און דייטשע ארבייטער מאַסען. אָבער אַזאַ סאָלידאַריטעט וואָלט אונטערגעגראָבען די פּאָליטיק וועלכע ווילהעלם דער צוויי־טער האָט ערקלערט בשעת ער האָט געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק שטעהט הינטער איהם. וואָס זאָלען מיר, רוסישע סאָציאַליס־טען, זאָגען צו די רוסישע ארבייטער ווען די קוילען מיט וועלכע די דייטשע ארבייטער שיסען אויף זיי טראָגען דעם פּאָליטישען און מאָראַלען שטעמפעל פון דער דייטשער סאָציאַל דעמאָקראַטיע?

„מיר קאָנען ניט באַשטימען אונזער פּאָליטיק פאַר רוסלאַנד, מיר באַשטימען זי פאַר דייטשלאַנד", איז געווען דער ענטפער וואָס איז מיר געגעבען געוואָרען פון איינעם פון די פּראָמינענטסטע פיהרער־פון דער דייטשער פּאַרטיי, ווען איך האָב איהם געשטעלט די פראַגע. און אין יענעם מאָמענט האָב איך געפיהלט מיט גרויס ווייטאָג וואָס פאַר אַ קלאַפּ דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געקראָגען פון אינעווענינ.

עס איז קלאָר אַז די לאַגע ווערט ניט פאַרבעסערט אויב די סאָציאַל־סטישע פּאַרטייען פון ביידע קריעגס־פיהרענדע לענדער לאָזען איבער זייער גורל צוזאַמען מיט דעם גורל פון די רעגירונגען, ווי עס איז געווען דער פאַל אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך. קיין אויסערליכע קראַפט, קיין פאַרכאַפּונג אָדער פאַרניכטונג פון סאָציאַליסטישע פאַרמעגענס, קיינע ארעסטען און טורמע טערמינען האָבען ניט געקאָנט געבען אַזאַ קלאַפּ צום אינטערנאַציאָנאַל, ווי ער האָט זיך אַליין געגעבען מיט די אייגענע הענט דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אונטערגעגעבען צום מאַלאָך פון שטאַאט, אַזוי שנעל

צווישען סאָציאַליסט, וועלכער ווערגט דעם דייטש. אויב לודוויג פרענק נעמט זיין ביקס, ניט צו פּראָקלאַמירען דעם „אונטערשיעד אין פּרינציפּ“ צו די פראנצויזישע סאָציאַליסטען, נאָר צו דערשיסען זיי, זייענדיג פאָלשטענדיג איינשטימיג מיט'ן פּרינציפּ; און אויב לודוויג פרענק זאָל אליין פאלען פון א פראנצויזישע קויל — ארויסגעשאָסען געוואָרען פיליכט פון א גענאָסע — איז דאָס ניט קיין געפאהר פאר זייערע געמיינשאפטליכע „סטאנדארדס“? עס איז בלויז דער רעזולטאט פון דעם „אונטערשיעד אין זייער נעאָגראַפישער פּאָזיציע“. אמת, עס איז ביטער צו לעזען אזעלכע שורות, ספּעציעל ווען זיי קומען פון קאוטסקי'ס פּעדער.

דער אינטערנאציאָנאל איז געוועזן געגען דער מלחמה.

„אויב מיר זאָלען דאָך האָבען מלחמה, ניט אכטענדיג אויף די אנשטרענגונגען פון דער סאָציאל דעמאָקראטיע“, זאָגט קאוטסקי, „דאן מיז יעדע נאציאָן זיך רעטען אויף דעם בעסטען וועג, וואָס זי קען. דאָס מיינט, אז די סאָציאל דעמאָקראטיע פון יעדען לאנד האָט דאָסזעלבע רעכט און די זעלבע פליכט צו באטייליגען זיך אין דער פארטיידיגונג פון לאנד, און דאָס דארף ניט דיענען אלס אורזאכע צו מאכען פאָרווירפע איינער דעם אנדערען. („נייע צייט“, 337, זייט 7).

אָט דאָס איז דער „געמיינשאפטליכער סטאנדארד“: — יעדער איינער זאָל היטען זיין אייגענע פעל, זאָלען זיך איינע די אנ־ערע ברעכען די קעפּ אין זעלבסט־פארטיידיגונג און ניט מאכען קיין „פאָרווירפע“ איינער דעם צווייטען פאר טאָן דאָס.

וועט אָבער די פראגע פארענטפערט ווערען דורך דעם, וואָס מען וועט איינשטימען אויף א סטאנדארד פון אורטיילען? וועט זי ניט פארענטפערט ווערען גיכער דורך דער קוואליטעט פון דעם געמיינשאפטליכען סטאנדארד פון אורטיילען? צווישען בעטהמאן־האלוועג, סאזאָנאָוו, גרעי און דעלקאסע געפינט איהר אויך א פאר־שטענדעניס ווענגען זייער סטאנדארד. זיי האָבען אויך ניט קיין אונטערשיעד אין פּרינציפּען. און ווענינער פון אלעם האָבען זיי

ווי ער האָט אָנגעהויבען ריידען אין ווערטער פון בלוט און אייזען.

— — — — — — — — — — — —

אין זיין רעדע אויף דעם צוזאמענפאַר אין עסען האָט קאוטסקי געמאָלען אַ שרעקליך בילד, ווי איין ברודער שטעהט אויף געגען אַ צווייטען ברודער אין נאָמען פון אַ „פּארטיידיגונגס קריעג" — אלס אַן ארגומענט אָבער ניט אלס אַ ווירקליכע מעגליכקייט. איצט אַז דאָס בילד איז געוואָרען אַ בלוטיגע ווירקליכקייט, סטארעט זיך קאוטסקי אונז צוצופּאַסען צו דעם בילד. ער זעהט ניט דעם צוזאמענבּרוך פון אינטערנאַציאָנאַל.

„דער אונטערשיעד צווישען די דייטשע און פראנצויזישע סאציאליסטען ליגט ניט אין דעם סטאַנדארד פון אורטיילען און אויך ניט אין זייער פונדאַמענטאַלען שטאַנדפּונקט, נאָר אין דעם אונטערשיעד ווי אַזוי זיי טייטשען אוים די איצטיגע לאַגע, וועלכע איז אָפּהענגיג פון דעם אונטערשיעד אין זייער געאָגראַפישער פּאָזיציע. צוליעב דעם קען, נאַטירליך, דער אונטערשיעד קוים באַזייטיגט ווערען, אַזוי לאַנג ווי די מלחמה געהט אָן. דער אונ־טערשיעד איז ניט קיין פּרינציפּיעלער, נאָר אַזאַ וואָס קומט אַרוים צוליעב ספּעציעלע אומשטענדען און עס דאַרף ניט אָנהאַלטען נאָך דעם ווי די אומשטענדען האָבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען". (נייע צייט 337, זייט 3).

ווען געד און זעמבאַ ערשיינען אלס ארויסהעלפער פון פּאַינ־קאַרע, יעלקאַסע און בריאַן און אלס געגנער פון בעטהמאַן־האָלוועג; ווען די פראנצויזישע און דייטשע ארבייטער שניידען זיך איינע די אַנדערע די העלזער און זיי טוען דאָס ניט אלס געצוואונגענע בירגער פון דער בורזשואזער רעפּובליק אָדער פון דער האָהענצאָ־לערן מאָנארכיע, נאָר אלס סאָציאליסטען, וועלכע טוען זייער פליכט אונטער דער גייסטיגער פיהרערשאַפט פון זייערע פּארטייען, איז דאָס ניט קיין צוזאמענבּרוך פון אינטערנאַציאָנאַל? דער „סטאַנדארד פון אורטיילען" איז דער זעלבער פאַר דעם דייטשען סאָציאליסט, וועלכער מאָרדעט דעם פראנצויז, ווי פאַר דעם פראנ־

דאָס רעכט צו מאַכען פּאָרווירפע איינער דעם אַנדערען. זייער האַנדלונג קומט פון דעם „אונטערשיעד אין זייער געאָגראַפישער פּאָזיציע". וואָלט בעטהמאַן־האָלוועג געווען אַן ענגלישער מיניס־טער, ויאָלט ער געהאַנדעלט פּונקט ווי סער עדוואַרד גרעי. זייערע סאָציאַלדעמאָקראַטישע? — צוגעפּאַסטע, זייערע קאַנאָנען זייגען דיזעלבע, פּונקט ווי זייערע קאַנאָנען זייגען דיזעלבע, מיט דעם אונטערשיעד, פּיליכט, פון זייער גרויס. פאַר אונז שטעהט אָבער די פראַגע: קענען מיר אָננעמען זייערע סטאַנדאַרדס?

„גליקליכערווייזע איז עס א מיספאַרשטענדעניס אָנצונעמען, אַז די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע אין דער צייט פון מלחמה וואָלט זיך וועלען רעכענען מיט נאַציאָנאַלע און ניט מיט אינטער־נאַציאָנאַלע פראַגען, און וואָלט זיך געפיהלט פריהער פון אַלץ א דייטשע און ערשט נאָכהער א פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי".

אַזוי האָט קאַוטסקי ערקלערט אין עסען. און איצט ווען דער נאַציאָנאַלער שטאַנדפּונקט האָט אַרומגעכאַפּט אַלע אַרבייטער פּאַרטייען פון אינטערנאַציאָנאַל, אַנשטאַט דעם אינטערנאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, וועלכען זיי האָבען געמיינשאַפטליך געהאַלטען, פּאַסט זיך קאַוטסקי צו ניט נאָר צו דער „מיספאַרשטענדניס", נאָר ער באַמיהט זיך צו געפינען אין דעם א פאַרשטענדניס ווענען סטאַנ־דאַרדס און א גאַראַנטיע פאַר דער אויפבויאונג פון אינטערנאַ־ציאָנאַל.

„אין יעדען נאַציאָנאַלען שטאַאַט מוז אויך דער פּראָלעטאַ־ריאַט אָנשטרענגען אַלע זיינע כוחות אויפצוהאַלטען די גאַנצקייט און אונאָפּהענגיגקייט פון דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע. דאָס איז א וויכטיגער פּונקט פון דעמאָקראַטיע און דאָס איז נויטיג פאַר'ן קאַמף און פאַר דעם ענדליכען זיעג פון פּראָלעטאַריאַט". („נייע צייט", 337, זייט 4).

נאָר אויב דאָס איז דער פאַל, טאָ וואָס איז עפּעס מכח דער

עסטרייכישער סאָציאַל דעמאָקראַטיע ? מוז זי אויך אָפּגעבען איהר גאַנצע ענערגי אום צו פארהיטען די ניט־נאַציאָנאַלע און אנטי־נאַציאָנאַלע עסטרייך־אונגארישע מאָנארכיע ? און די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע ? דורך דעם וואָס זי האָט זיך פּאָליטיש פאראייניגט מיט דער דייטשער ארמעע העלפט זי ניט נאָר אויפצוהאַלטען דעם עסטרייך־אונגארישען נאַציאָנאַלען כאַאָס, נאָר זי העלפט אויך צו אונטערגראבען די דייטשע נאציאנאלע איינהייט. נאַציאָנאַלע איינהייט שטעהט אין געפאהר ניט בלויז אין פאַל פון א נידערלאגע, נאָר אויך אין פאַל פון א זיעג.

פון דעם שטאנדפונקט פון אייראָפּעאישען פּראָלעטאריאט איז עס פונקט אזוי שעדליך אויב דייטשען רייסען אָפּ א שטיק פראנ־צויזישע טעריטאָריע, אָדער פראנקרייך פארכאַפּט א שטיק דייטשע טעריטאָריע. נאָך מעהר, אונזער פּראָגראם שליסט גאָר אין גאנצען ניט איין קיין פונקט וועגען אויפהאלטען דעם „סטאטוס קוואָ" פון אייראָפּא. די פּאָליטישע לאַנדקארטע פון אייראָפּא איז געמאָלען געוואָרען מיט'ן שפּיץ פון שווערד, טרעטענדיג איבער לעבעדיגע מענשליכע קערפּערס אויף יעדער גרענעץ־ליניע. אויב די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע העלפט ארוים איהרע נאציאנאלע (אָדער אנטי־נאציאָ־נאלע) רעגירונגען מיט איהר גאנצער ענערגיע, לאָזט זי ווידער איבער דאָס אויסארבייטען פון דער לאַנדקארטע פון אייראָפּא צו דער מאכט און צום פארשטאנד פון שווערד. און, צוברעכענדיג דעם אינטערנאציאנאַל אויף שטיקער, פארניכטעט די סאציאַל־דעמאָקראַטיע די איינציגע מאכט, וועלכע איז אימשטאנד אויסצו־ארבייטען א פּראָגראם פון נאציאָנאלע אונאפּהענגיגקייט און דעמאָקראַטיע אלס א ווידערשטאנד צו דער טעטיגקייט פון שווערד, און מעהר אָדער ווייניגער פארווירקליכען דאָס פּראָגראם, נאָר אונאפּהענגיג פון דעם, וועלכע שווערד עס וועט זיין זיעגרייך.

די אַלטע ערפאהרונג איז ווידער אמאָל באשטעטיגט. אויב

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטעלט אַוועק די נאַציאָנאַלע פליכטען העכער פון די קלאַסען פליכטען, באַגעהט זי דעם גרעסטען פאַר־ברעכען ניט נאָר געגען סאָציאַליזם, נאָר אויך געגען די אינטערעסען פון דער נאַציאָן, ווי מיר פאַרשטעהען די אינטערעסען פון אַ געזעכטען און בריימען שטאַנדפּונקט.



אנמערקונג:

„מלחמה אָדער פריערדן" — איז געווען געדרוקט דעם 20טען מערץ 1917 אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער טעגליכער ציימונג „נאָווי מיר", וואָס ערשיינט אין ניו יאָרק.

טראָצקי איז געווען אין ניו יאָרק, ווען עס זיינען אָנגעקומען די ידיעות וועגען דעם נייעם אויפשטאַנד אין רוסלאַנד. פאַר איהם איז דאָס געווען אַ נייער קוואַל פון באַגייסטערונג און האָפנונג.

אין יעדען אויפשטאַנד פון פּראָלעטאַריאַט זעהט ער פאַר זיך דעם מאַרש פון דער רעוואָלוציע. אין אַ טאָן פון אַ נביא ערקלערט ער אין דיזען אַרטיקעל, אַז „די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע וועט זיין דער אנפאנג פון אַ מעכטיגען סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען קאַמף אין אייראָפּאַ, וואָס וועט ברענגען פריעדען צו דער בלוט־אָנגעזאַפּטער וועלט".



נאַנציעלער און מיליטערישער סיסטעם, און מיט אונערזעטיגטע אַפּעטיטען. גוטשקאָוו, דער יעצטיגער קריגס מיניסטער, איז פריי־הער געוועזן אַ מיטגליד פון דעם קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַלע פאַרטייַ־דיגונג, וואָס האָט געהאָלפען פאַרפאָלקאָמען די ארמעע און די פלאָטע. מיליוקאָוו, דער איצטיגער מיניסטער פון אויסערן, האָט אויסגעארבייט אַ פּראָגראַם פון פארכאַפּען די וועלט, וועלכען ער האָט פאָרגעלעגט אויף זיין רייזע איבער איירָאָפּאַ. דער רוסישער אימפּעריאַליזם און זיינע פאַרטרעטער פון דער אָקטאָבריסטישער און קאַדעטישער פארטייען האָבען אַ גרויסען חלק אין דער פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פאַר דער יעצטיגער מלחמה.

אַ דאַנק דער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט זיי שטאַרק ניט גע־שמעקט און וועלכע זיי האָבען באַקעמפט, זיינען גוטשקאָוו און מי־ליוקאָוו יעצט אין מאַכט. פאַר די פאָרטזעצונג פון דער קריעג, פאַר אַ זיעג ? פאַרשטעהט זיך ! זיי זיינען די זעלבע פער־זאָנען, וועלכע האָבען אריינגעשלעפּט דאָס לאַנד אין דער מלחמה צוליעב די אינטערעסען פון קאַפּיטאַל. זייער גאַנצע געגנערשאַפט צום צאַריזם האָט געשטאַמט פון זייער אונערזעטיגטע אימפּעריאַ־ליסטישע אַפּעטיטען.

אַזוי לאַנג ווי די קליקע פון ניקאָלאַי דעם צווייטען איז גע־ווען אין מאַכט, האָבען די אינטערעסען פון דער צאַרישער משפחה און פון די רעאַקציאָנערע אַרעליגע געהערשט איבער די רוסישע אויסערליכע אַנגעלעגענהייטען. דאָס איז די אורזאַכע וואָרום בער־לין און וויען האָבען געהאָפט צו שליסען אַ באַזונדערען פריעדען מיט רוסלאַנד. יעצט אַבער, פאַרנעמען ריין־אימפּעריאַליסטישע אינ־טערעסען דעם פּלאַץ פון די אינטערעסען פון צאַריזם; און אמת'ער אימפּעריאַליזם איז אויפגעשריבען אויף דער פאָהן פון דער פּראָווי־זאָרישער רעגירונג. „די רעגירונג פון דעם צאַר איז פאַרשוואונ־דען", — זאָגען די מיליוקאָוו'ס צום פאָלק, — „יעצט דאַרפט איהר פאַרגיסען אייער בלוט פאַר די אַלגעמיינע אינטערעסען פון דער גאַנצע‑ נאַציאָן". אונטער די אינטערעסען פאַרשטעהען די איכ־

פעריאַליסטען דאָס צוריקגעווינען פון פוילען, דאָס באַזיגען פון גאַ־ליציען, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ארמעניען, פערסיען.

דאָס ענדערען דעם אימפּעריאַליזם פון דער דינאַסטיע און די אדעליגע אויף אָן אימפּעריאַליזם פון א ריין־בורזשואַזען כאַראַקטער קאָן קיינמאָל ניט צוציהען דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט צו דער מלחמה. אָן אינטערנאַציאָנאַלער קאַמף געגען דער וועלט־אוים־שלאַכטונג און געגען אימפּעריאַליזם איז אונזער ציעל יעצט מעהר ווי ווען עס איז פריהער. די לעצטע נייעס וועלכע דערצעהלען וועגען אַן אַנטי־מיליטעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין די גאַסען פון פעטראָגראַד צייגט, אַז אונזערע חברים ערפילען העלדיש זייער פליכט. די אימפּעריאַליסטישע באַרימעריי פון מיליוקאָוו צו דערשטיקען דייטש־לאַנד, עסטרייך און טערקיי איז די בעסטע שטיצע צו דער רעכטער צייט פאַר די האָהענצאָלערנס און האַפּס־בורגס...

מיליוקאָוו וועט יעצט דיענען אַלס אַן אַפּשרעקונגס־מיטעל אין זייערע הענד. די ליבעראַלע אימפּעריאַליסטישע רעגירונג פון רוסלאַנד האָט נאָך ניט אָנגעפאַנגען איינצופירען רעפאָרמען אין איהר אייגענער ארמעע, דאָך איז זי שוין גרייט צו העלפען די האָהענצאָלערנס פארשטאַרקען דעם פּאַטריאָטישען גייסט און פאַר־לאַטען די צוריסענע „נאַציאָנאַלע גאַנצקייט" פון דעם דייטשען פאָלק. ווען דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט זאָל געגעבען ווערען דאָס רעכט צו דענקען, אַז דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק און די הויפּט־קראַפט פון דער רעוואָלוציאָן, דער פּראָלעטאַריאַט, שטעהען הינ־טער דער בורזשואַזער רוסישער רעגירונג, וואָלט דאָס געווען א שרעקליכער קלאַפּ פאַר די וואָס שטעהען אויף אונזער שטאַנדפּונקט, די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען פון דייטשלאַנד. צו פאַרוואַנד־לען דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט אין פּאַטריאָטישען קאַנאָנען־פלייש, וואָס זאָל דיענען דער רוסישער ליבעראַלער בורזשואַזיע,

וואָלט געמיינט אַריינוואַרפען די דייטשע אַרבייטער מאַסען אין דעם לאַגער פון די שאָוויניסטען און פאַר אַ לאַנגע צייט צוריקהאַלטען דעם פּראָגרעס פון אַ רעוואָלוציאָן אין דייטשלאַנד.

די הויפּט פליכט פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד איז צו צייגען, אַז עס איז ניטאָ קיין מאַכט אונטער דעם פאַרדאָרבענעם אימפּעריאַליסטישען ווילען פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. די רוסישע רעוואָלוציאָן דאַרף ווייזען דער גאַנצער וועלט איהר אמת'ען פּנים.

דער ווייטערדיגער פּראָגרעס פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף אין רוסלאַנד און די גרינדונג פון אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער רעגירונג, געשטיצט פון פאָלק, וועט זיין אַ טויט־קלאַפּ צו די האָהענצאָלערנס, ווייל דאָס וועט זיין אַ מעכטיגער רייץ־מיטעל פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט און פאַר די אַרבייטער־מאַסען פון אַלע אַנדערע לענדער.

אויב די ערשטע רוסישע רעוואָלוציאָן, פון 1905, האָט פאַראורזאַכט רעוואָלוציאָנען אין אַזיען, — אין פּערסיען, טערקיי, כינאַ, — וועט די צווייטע רוסישע רעוואָלוציאָן זיין דער אָנפאַנג פון אַ מעכטיגען סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען קאַמף אין אייראָפּאַ. בלויז דער קאַמף וועט ברענגען אַן אמת'ען פריעדען פאַר דער וועלט וואָס איז דורכגעווייקט אין בלוט.

ניין, דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט ערלויבען צו לאָזען זיך איינשפּאַנען אין דעם וואָגען פון מיליוקאָוו'ס אימפּעריאַ־

ליזם. דער פאָהן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פלאַ־
טערט יעצט מעהר, ווי ווען עס איז פריהער, מיט די ליכטיגע לאָזונ־
גען פון אונביינזאַמען אינטערנאַציאָנאַליזם :

נידער מיט די אימפעריאַליסטישע רויבער !
לאַנג זאָל לעבען א רעוואָלוציאָנערע ארבייטער־רעגירונג !
לאַנג זאָל לעבען פריעדען און די ברידערליכקייט פון פעלקער !

## אנמערקונג:

די לעצטע דריי קאפיטלען פון דעם בוך — „וואס איז געשעהן?", „דער כאראקטער פון דער רוסישער רעוואלוציאן", „אינטערנאציאנאלע טאקטיק", זיינען ענטנומען פון טראצקי'ס א בראשורע, וואס איז ער־שיענען אין פעטראגראד אין סעפטעמבער 1917.

אין אויגוסט 1917 איז די רעוואלוציע געווען פארפלייצט פון רע־אקציאנערע כוואליעס, און אונטער דער דיקטאטור פון דעם „סאציאליסט" קערענסקי האבען די „קאדעטען" (די „קאנסטיטוציאנעלע דעמאקראטען", א ליבעראל־בורזשואזע פארטיי אין רוסלאנד, זיינען אויך באקאנט אונטער'ן אפגעקירצטען נאמען: "קאדעטען") און די אנדערע בורזשואזע אימפע־ריאליסטען זיך צוגעגרייט צו אן איבערקערעניש, וואס האט געזאלט פארניכטען די סאוויעטען — און פארשטענדליך, אויך די רעוואלוציע. דער דאמאלסדיגער צענטראל קאמיטעט פון די אל־רוסישע סאוויעטען האט אונטערשטיצט קערענסקי'ן. פאר קערענסקי'ן איז די אונ־טערשטיצונג פון צענטראל קאמיטעט אליין ניט געווען צו־פריעדענשטעלענד, ווייל פאר זיינע צוועקען האט ער געדארפט האבען א מאנדאט „פון אלע קלאסען." די רעגיערונג האט דארום צוזא־מענגערופען א נאציאנאלע קאנפערענץ, וועלכע איז אפגעהאלטען געווא־רען אין מאסקווע דעם 26טען אויגוסט. דער צוועק פון דער קאנפערענץ איז געווען ניט בלויז „אויסצובריימען דעם באזיס" פון דער פראווי־זארישער רעגיערונג, נאר צו געבען א צושטימונג צו קערענסקי'ס פאלי־טיק. די קאנפערענץ איז צוזאמענגעשטעלט געווען פון א מעהרהייט קאנסערוואטארען, רעאקציאנערען און קאנטר־רעוואלוציאנערען.

די דעלעגאטען צו דער נאציאנאלער קאנפערענץ זיינען פארזיכטיג ערוועהלט געווארען, די באלשעוויקעס האט מען, פארשטעהט זיך, אויס־געשלאסען. די פיער דומאס — וועלכע זיינען געווען זעהר שוואכע אפאזיציעס צום צארסקע רעזשים — זיינען געווען פארטראטען דורך 188 מיטגליעדער; די אנדערע דעלעגאטען זיינען איינגעטיילט געווען ווי פאלגט: 100 פארטרעטער פון די פויערים; 229 פארטרעטער פון די סא־וויעטען פון ארבייטער און סאלדאטען ראטען; 147 דעלעגאטען פון די

מוניציפאַליטעטן; 113 פאָרטרעטער פון די בענק און אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס פון קאַפּיטאַל; 313 רעפּרעזענטאַנטען פון קאָ־אָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, און 176 פאָרטרעטער פון טרייד יוניאָנס. די דעלעגאַטען פון די סאָוויעטן זיינען באַשטאַנען פון מעסיגע מענשעוויקעס און סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערען.

ביי יענער קאָנפערענץ האָט מען שטאַרק אַטאַקירט די סאָוויעטן און די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע. קיין באַשטימטע באַשליסע זיינען געגען די סאָוויעטן ניט אָנגענומען געוואָרען, אָבער דאָס איז געווען אַ פּאָרשפּיעל צו אַ גרויסער אַטענטאַטע.

אין זיין ערעפענונגס רעדע ביי דער קאָנפערענץ האָט קערענסקי צווישען אַנדערעס געזאָגט:

„די פּראָוויזאָרישע רעגיערונג האָט אייך ניט צוזאַמענגערופען אַהער צו דיסקוטירען פראַגען און פּראָגראַמען, אָדער צו ערלויבען מאַכען אַ פּאַרזוך — פון וועלכען צד דער פּאַרזוך זאָל געמאַכט ווערען — אויסצונוצען די יעצטיגע קאָנפערענץ אָדער די אויסערגעוועהנליך שווערע לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דער רוסישער שטאַאַט, כדי אונטערצוגראָבען די מאַכט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג.“

נעקראַסאָוו, דער פינאַנץ מיניסטער אין קערענסקי׳ס קאַבינעט, האָט אָנגעצייגט וואָסער שלעכטע ווירקונג די רעוואָלוציאָן האָט געהאַט אויף די פינאַנצען, ערקלערענדיג, אַז דאָס געלד וואָס ווערט אויסגעגעבען פון די שפּייז־קאָמיטעטען און אויך אויף צו העכערען די שכירות פון אַרבייטער רואינירט דעם שטאַאַט און דאָס לאַנד און צו דעם דאַרף געמאַכט ווערען אַ סוף.

גענעראַל קאָרנילאָוו, דער דאַמאַלסדיגער הויפּט קאָמאַנדיר פון די אַרמעען, האָט געפאָדערט, אַז אַ שטרענגע דיסציפּלין זאָל איינגעפיהרט ווערען אין דער אַרמעע. די מיטלען וואָס ער האָט אַנגעדייטעט וואָלטען פאַקטיש געפיהרט צו דעם, אַז עס זאָלען אין גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען די סאָלדאַטען קאָמיטעטען.

גענעראַל קאַלעדין, פון די קאָזאַקען, איז געווען מעהר אָפענהערציג, ווי קאָרנילאָוו. ער האָט דירעקט אַטאַקירט די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרען און פאָרגעשלאָגען אַ פּראָגראַם, ווי די אַרמעע זאָל ווידער דיסציפּלינירט ווערען אויף דעם אַלטען צאַרישען שטייגער: 1) די אַרמעע זאָל זיך ניט מישען אין קיין פּאָליטיק; 2) די סאָלדאַטען זאָלען ניט האָבען קיין רעכט אָפּצוהאַלטען אייגענע פאַרזאַמלונגען; 3) די סאָלדאַטען קאָמיטעטען און זייערע ראַטען זאָלען אין גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען;

4) די דיסציפּלין אין דער אַרמעע זאָל פאַרשטאַרקט ווערען; 5) די פיהרער פון דער אַרמעע זאָלען ווידער קריגען די פולשטענדיגע אויטאָריטעט, ווי אין די אַלטע צייטען א. ד. ג.

טשעכאַידזע, דער פאָרזיצענדער פון דעם צענטראַל קאָמיטעט פון די אַל־רוסישע סאָוויעטען, האָט געענטפערט גענעראַל קאַלעדין און זאָגאַר פאַרטיידיגט די סאָוויעטען; ער האָט געזאָגט: „די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע האָט די אינטערעסען פון לאַנד און פון דער רעוואָלוציאָן אַלע מאָל געשטעלט העכער פון די אינטערעסען פון איינצעלנע גרופּען... בלויז א דאַנק די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס איז געבליבען דער שאַפונגס־גייסט פון דער רעוואָלוציאָן"... אָבער טשעכאַידזע'ס ענטפער האָט ניט פאַרענטפערט די פּראָבלעם, ווייל דער עקזיסטירענדער צושטאַנד האָט געמוזט געענדערט ווערען אָדער פון דער בורזשואַזיע אָדער פון פּראָלעטאַריאַט. קערענסקי'ס רעגיערונג האָט אָבער מורא געהאַט פאַר ראַדיקאַלע ענדערונגען און האָט זיך גענייגט „רעכטס."

דער געוועזענער קריעגס־מיניסטער גוטשקאָוו האָט עפענטליך געווארענט די פּראָוויזאָרישע רעגיערונג געגען די סאָוויעטען, ערקלערענדיג קורץ און שאַרף: די סאָוויעטען האָבען די מאַכט און די פּראָוויזאָרישע רעגיערונג קען קריגען די מאַכט בלויז דאַן, ווען זי וועט פאַרניכטען די סאָוויעטען.

די קאָנפערענץ אין מאָסקווע איז גערופען געוואָרען צו שאַפען און דעמאָנסטרירען א נאַציאָנאַלע איינינגקייט. אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט די קאָנפערענץ דעמאָנסטרירט א נאַציאָנאַלע אונאיינינגקייט און האָט געשאַפען א טיעפערען אַנטאַגאָניזם.

אָט וועגען דער קאָנפערענץ רעדט דאָס טראָצקי אין זיין אַרטיקעל: „וואָס איז געשעהן ?"

# וואָס איז געשעהן?

קיינער קען ניט געבען קיין צופריעדענשטעלענדען ענטפער אויף דער פראַגע פאר וואָס מען דאַרף האָבען אַ קאָנפערענץ אין מאָסקווא. נאָך מעהר; די אַלע מענשען, וועלכע דאַרפען זיך באַ־טייליגען אין דער מאָסקוואער קאָנפערענץ ערקלערען, אָפענהערציג אָדער ניט, אַז זיי אַליין ווייסען ניט צוליעב וואָס מען האָט זיי איינגעלאַדען קיין מאָסקווא. און אין דערזעלבער צייט ריידען כמעט אַלע מיט חשד און מיט פאַראַכטונג וועגען דער מאָסקוואָער קאָנפערענץ. אבער ניט קוקענדיג דאַרויף פאָהרען זיי דאָך אַהין. וואָס זשע קען דאָ זיין?

אויב מיר לאָזען אוים דעם פראָלעטאַריאַט, וועלכער שטעהט אויף זיין אייגענער פאָזיציע, זעהן מיר, אַז די מענשען, וועלכע באַטייליגען זיך אין דער מאָסקוואער קאָנפערענץ קענען צוטיילט ווערען אין דריי גרופּעס: די פאַרטרעטער פון דעם קאַפּיטאַליסטי־שען קלאַס, די קליינבירגערליכע אָרגאַניזאַציע, און די רעגיע־רונג.

די פאַרמעגליכע קלאַסען האָבען זייער פאָלשטענדיגע פאַר־טרעטערשאַפט אין דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פאַר־טיי, די קאַדעטען. זיי ווערען געשטיצט פון די גרויסע לאַנדבאַ־זיצער, גרויסע פאַבריקאַנטען, באַנקירסקע באַנדעס, און אוניווער־סיטעט פאַקולטעטען. יעדע איינע פון אָט די גרופּעס האָט זיך איהרע אייגענע אינטערעסען און איהרע אייגענע אויסזיכטען. און ניט קוקענדיג דאַרויף האָבען זיי זיך דאָך אַלע פאַראייניגט אין איין

גרויסער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, ווייל זיי האָבען אַלע מורא פאר די ברייטע מאסען ארבייטער און פויערים. די הויף־קרייזען ווי אויך די ביוראָקראַטישע קרייזען פון׳ם גענעראַל־שטאַב האָבען נאָך איצט אויך נים אויפגעגעבען זייערע מאָנארכיס־טישע אינטריגעס און פארשווערונגען, און דאָך האָבען זיי אין׳ם איצטיגען מאָמענט געפונען פאר נויטיג צו שטיצען די „קאַדעטען״. און די בורזשואזנע ליבעראלען גיבען אפילו אַלע מאָל קאַסע א קוק מיט חשר אויף דער מאָנארכיסטישער קליקע, אבער אין דערזעלבער צייט שאצען זיי איצט זעהר הויך די שטיצע, וואָס זיי קענען פון דער דאָזיגער קליקע קריעגען געגען דער רעוואָלוציע. אויף אזא׳ן אופן ווערט די קאַדעטישע פּאַרטיי א מין אַלגעמיינע פארטרעטערין פון אַלע מינים גרעסערע און קלענערע קאַפּיטאַליסטען. די אַלע פּאָדערונגען פון די פאַרמעגליכע קלאַסען, די גאַנצע הויטשינדעריי פון די עקספּלואַטאַטאָרס, שפּיעגלען זיך איצטער אָפּ אין דעם קאַ־פּיטאַליסטישען ציניזם און אין דער אימפּעריאַליסטישער חוצפה פון מילוקאָוו׳ן. זיין פּאָליטיק באַשטעהט אין דעם וואס ער קוקט אַלץ ארום און וואַרט אויף די פאַלשע שריטע מצד דעם רעוואָ־לוציאָנערען רעזשים, אויף פעהלערען און מפּלות, פון דעם רעוואלוציאָנערען רעזשים, כדי צו באַווייזען, אַז איצט דאַר־פען די מענשעוויקעס און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען געהן מיט איהם האַנד אין האַנד; ער וועט דערפאַר מאַכען פּשרות מיט זיי, און אין דערזעלבער צייט וועט ער ארומ־קוקען ווען זיין צייט וועט קומען. אין הינטער מיליוקאָוו׳ס פּלייצע שטעהט דער צאַרסקע גענעראַל גורקאָ און קוקט ארוים, אַז זיין צייט זאָל שוין קומען.

די כלומר׳שטע רעמאָקראַטיע פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלו־ציאָנערען און מענשעוויקעס שטיצט זיך אויף די פויערים־מאסען, אויף דער קליינבורזשואזיע פון די שטעדט און אויף די מעהר צו־ריקגעשטאַנענע ארבייטער. און דאָ מוז אָנגעוויעזען ווערען דאַרויף, אַז וואָס ווייטער די פּאַסירונגען ענטוויקלען זיך, אַלץ קלאָרער

ווייזט זיך ארויס, אַז די מאַכט אין דער דאָזיגער פּאַראייניגונג זייינען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, בעת די מענשעוויקעס זיינען ניט מעהר ווי אַ פינפטע ראָד אין וואָגען. אונטער דער פיהרערשאַפט פון אָט די צוויי פּאַרטייען האָבען די „ארבייטער־ און סאָלדאַטען־סאָוויעטען", וועלכע זיינען דערהויבען געוואָרען צו אַזאַ גוואַלדיגער הויך אַ דאַנק דער שטאַרקער אויפטרייסלונג פון די מאַסען, אָנגעהויבען פאַרליערען זייער וויכטיגקייט און גענומען האַרדוקט ווערען אין דעם ווינקעל פון דער פאַרגעסענהייט. פאַר וואָס? מאַרקס האָט אָנגעוויעזען, אַז ווען די געשיכטע דער־לאַנגט אַ שטאַרקען שנאָל אין דער נאָז פון די געבעבדיגע „גרויסע האַרמאַטען" פון די פיליסטערען, זובען זיי קיינמאָל ניט די אור־זאַכע פון זייער חורבן אין זייער אייגענער אונפעהיגקייט, נור גלייך געפינען זיי, אַז שולדיג אין דעם איז גאָר אַן אַנדערנ׳ס בייז־ווילינקייט אָדער אינטריגע. און דערפאַר האָט זיך דאָס צערעטעלי אָנגעכאַפּט אָן דער „פאַרשווערונג" פון׳ם 16טען און 18טען יולי, פּונקט ווי אָן אַ „שטרויעלע" צו ערקלערען דעם דורכפאַל פון זיין גאַנצער פּאָליטיק. ווען די פיהרער פון די סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען און מענשעוויקעס, די ליעבערס, גאָטצעס און יוּאָי־טינסקיס האָבען זיך ספּראַוועט מיט דער „אַנאַרכיע", וואָס זיי האָבען בלויז אין חלום געזעהן, האָבען זיי געגלויבט, אַז עס קומט זיי דערפאַר אַ באַלוינונג, פּונקט ווי די גענז, וועלכע האָבען גע־ראַטעוועט רוים. און ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז וואָס מעהר זיי שטרעקען זיך דער אין דער לענג און אין דער ברייט צו מאַכען שלום צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, אַלץ מעהר פאַראַכטונג קריעגען זיי פון דער בורזשואַזיע אליין, האָבען זיי אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און, איבערראַשטע, געמאַכט אַ שווייג. צערעטעלי, דערזעלבער צערעטעלי, וועלכער איז געוועזען אַזאַ בריה׳דיגער קונצענמאַכער מיט אויסגעדראַשענע באַנאַליטעטען, — ער האָט זיך נאָר אַרומגעזעהן, אַז אַפילו איהם האָט די בור־זשואַזיע אַ שליידער געטאָן אָן אַ זייט און איהם געשטעמפּעלט אַלס

צופיעל רעוואָלוציאָנער. עס איז געווען גאַנץ פּשוט: דער פּאָלי־מיאָטנע פאָלק האָט „קאַליע געמאַכט" די רעוואָלוציע (דורך דעם וואָס ער האָט זיך ענטזאָגט צו פאָלגען קערענסקי'ס באַפעהל און אָוועקמאַרשירען צום פראָנט, סיידען מען וועט איהם נאָכגעבען געוויסע באַדינגונגען און איהם לאָזען זיך באַטייליגען אין די געשעהענישען פון יולי 16־17).

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אויב צערעטעלי און זיין פּאַרטיי זיינען געוואָרען איין כנופיא מיט פּאָלאָווצאָוו'ן און מיט די מי־ליטערישע קאַדעטען, העלפענדיג זיי צוצונעמען דאָס געוועהר ביי די אַרבייטער, כדי דאָס זאָל זיין אַ טובה פאַר דער פאַרשווערונג געגען דער רעוואָלוציע, איז אין דעם ניט שולדיג צערעטעלי'ס שפּיעל אין פּאָליטיק, נור דער פּאָלימיאָטנע פּאָלק, וואָס איז פאַר־פיהרט געוואָרען פון די באָלשעוויקעס. אָט דאָס איז די פילאָזאָפיע וואָס די פּאָליטישע באַנקירען פון'ם בעל הבית'ישען קליינעל האָ־בען פאַר זיך אויסגעאַרבייט!

דער פאַקט איז, אַז די טעג פון'ם 16טען, 17טען און 18טען יולי זיינען געווען דער צירקעל־פּונקט פון די ענטוויקלונגען אין דער רעוואָלוציע, מחמת דאַן האָט מען מעהר ווי אַלע מאָל ארויס־געזעהן ווי אונפעהיג עס זיינען די הויפּט פּאַרטייען פון דער קליין בירגערליכער דעמאָקראַטיע צו נעמען די מאַכט אין זייערע הענד. וואָרים נאָכדעם ווי די קאָאַליציאָנס רעגירונג איז אַזוי געפאַלען איז קיין אַנדער וועג ניט געווען ווי נאָר איבערגעבען די גאַנצע מאַכט אין די הענד פון די סאָוויעטען. אָבער די מענשעוויקעס און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך געקווינקעלט. לויט זייער שכל נאָך איז אויסגעקומען, אַז אַזוי איבערגעבען די מאַכט אין די הענד פון די סאָוויעטען, הייסט דאָך אָפּברעכען די פאַר־בינדונגען מיט די באַנקירען און דיפּלאָמאַטען — און דאָס טאָר מען ניט, ווייל עס איז געפעהרליך. און ווען, ניט קוקענדיג אויף דער דראָהענדער באַדייטונג פון די געשעהענישען פון'ם 16־18טען יולי, זיינען די פיהרער פון'ם סאָוויעט נאָך אַלץ נאָכגעלאָפען

די יעפימאָווס, האָבען די פּאַרמעגליכע קלאַסען געזעהן, אַז די פיהרער פון'ם סאָוויעט שטעהען פּאַר זיי פּונקט ווי אַ קרעמערי'ל שטעהט פאַר אַ גרויסען באַנקיר, מיט'ן היטעל אין דער האַנד. און דאָס האָט אונטערגעגעבען מוטה דער קאָנטר־רעוואָלוציע.

די גאַנצע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע ביז איצט איז אין דער זאָגענאַנטער צווייענדיגער מאכט. די דאָזיגע פאָרמע וואָס די ליבעראַלען האָבען איהר געגעבען, איז אין דער אמת'ער זעהר אויבערפלעכליך. דער ענין איז ניט ערשעפּט ווען איהר זאָגט, אַז חוץ דער רעגיערונג האָט נאָך עקזיסטירט דער סאָוויעט אויך, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט אַ גאַנץ היבשע צאָהל פון רעגיערונגס פונקציאָנען; ווייל די דאָנס אין צערעטעלים האָבען געטהאָן אַלעס וואָס זיי האָבען נור געקענט, כדי „שמערצלאָז" צו מאכען צו גאָר ניט די דעה פון'ם סאָוויעט, און אַלעס איבערגעגעבען אין די הענד פון דער רעגיערונג. דער אמת איז אַז הינטער די סאָוויעטען און הינטער דער רעגיערונג זיינען געווען צוויי פאַרשיעדענע סיסטעמען און יעדער סיסטעם האָט זיך געהאַלטען אויף אַנדערע קלאַסען־אינטערעסען.

הינטער די סאָוויעטען זיינען געשטאַנען די אַרבייטער אָר־גאַניזאַציאָנען, וועלכע האָבען, אין יעדער פאַבריק, אָפּגעשאַפט די ממשלה פון די קאַפּיטאַליסטען, און איינגעפיהרט אַ רעפּובליקאַ־נישען רעזשים אין דער אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אָבער ניט געקלעפּט מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אַנאַרכיע און געפאָדערט אַ פעסטע שטאַאטס קאָנטראָלע איבער דער פּראָדוקציאָן. כדי צו פאַרטיידיגען זייער איינענטום רעכט האָבען די קאַפּיטאַליסטען געזוכט שוץ פון אויבען ביי דער רעגיערונג, זיי האָבען מיט אַלע כוחות געשטופּט די רעגיערונג נעגען די סאָוויעטען און זי גע־צוואונגען אָנצונעמען אַזעלכע מיטלען, וואָס זי האָט ניט געקענט, וואָס זי איז ניט געווען בכח — מיטלען צו אונטערדריקען דעם אַר־בייטער קלאַס. און איבער דעם האָט מען זיך רק באַקלאָגט אויף דער „צווייענדיגער מאכט".

הינטער די סאָוויעטען איז געשטאַנען די ערוועהלטע אָרגאַני־זאַציאָן אין דער אַרמעע און די גאַנצע אדמיניסטראַציע פון דער סאָלדאַטען־דעמאָקראַטיע. די צייטווייליגע רעגיערונג, וועלכע איז נאָכגעגאַנגען די פוסטריט פון ללאָיד דזשאָרדזש, ריבאָ, און ווילסאָן, אנערקענענדיג די אַלטע פאַרפליכטונגען פונ'ם צאַריזם, און אָננע־מענדיג די אַלטע מעטאָדען פון געהיימער דיפּלאָמאַטיע, האָט גע־מוזט ארויסטרעטען שאַרף געגען דעם נייעם רעזשים אין דער אַרמעע. די אָפּאָזיציע פון אויבען האָט במעט פאַרלאָרען איהר איינפלוס ווען זי האָט דערגרייכט די סאָוויעטען. און דערפאַר האָט מען זיך אַלץ געקלאָגט אויף דער „צווייענדיגער מאַכט", און באַ־זונדערס געקלאָגט דאַרויף האָט דער גענעראַל־שטאַב.

ענדליך, איז דער פויערים־סאָוויעט, טראָץ דעם קליינליכען אפּאָרטוניזם און אומגעלומפּערטען שאָוועניזם פון זיינע פיהרער, ארונטערגעפאַלען אונטער'ן שטאַרקען דרוק פון אונטען, און די קאָנפיסקאַציע פון ערד איז געוואָרען אַלץ געפעהרליכען און דראָ־הענדער וואָס מעהר די רעגיערונג איז געווען געגען דעם. אויף ווי וויט די לעצטע איז געווען די פאַרטרעטערין פון גרויס קאַפּיטאַל, קען מען קלאָר זעהן דערפון וואָס דער לעצטער באַפעהל פון צערעטעלין אונטערשיידעט זיך בשום אופן מיט קיין זאַך ניט פון פרינץ לוואָוו'ס באַפעהל. און וואו נור די סאָוויעטען און פויע־רים קאָמיטעטען וועלען אין דער פראָווינץ פּראָווען איינפיהרען אַ נייעם אַגראַרישען רעזשים, וועט אויסקומען, אַז זיי שטעלען זיך אוועק אין אַ ביטערען קאַמף געגען דער בלומר'שט רעוואָלוציאָנע־רער מאַכט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג, וועלכע ווערט אַלץ מעהר דער הונט, וואָס באַוואַכט פּריוואַט אייגענטום.

די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אליין געלעזט דורך דער נויטיגקייט איבערצוגעבען די גאַנצע מאַכט אין די הענט פון די סאָוויעטען, און זיך באַנוצען מיט דער דאַזיגער מאַכט אין די אינטערעסען פון די אַרבייטער געגען די קאַפּיטאַליס־טען. און די פאַרטיפונג פון דעם קאַמף געגען די קאַפּיטאַליסטישע

קלאסען מאכט אבסאָלוט נויטיג, אז די הויפּט ראָלע צווישען די הארפּאשנע מאסען זאָל איבערגעגעבען ווערען צו די ענטשלאָסענ־סטע, דאָס הייסט, צום אינדוסטריעלען פּראָלעטאריאט. אויף איינ־צופיהרען אַ קאָנטראָלע איבער דער פּראָדוקציאָן און איבער דער פּארטיילונג, האָט דער פּראָלעטאריאט געקענט אפּעלירען צו די פּרעצענדענטען אין מערב אייראפּא, באזונדערס אין דעם זאָגענאנ־טען „מלחמה־סאָציאליזם" פון דייטשלאנד. אָבער וואָס שייך רוסלאנד, האָט די דאָזיגע אָרגאניזאציאָנס ארבייט געקענט אָפּגע־מאָן ווערען בלויז אויף דעם גרונד פון אַן אגרארישע רעוואָלוציע און אונטער'ן אויפזיכט פון אַ ווירקליך רעוואלוציאנערער מאכט, די קאָנטראָלע איבער דעם פּראדוקציאן און די שטופּענווייזע אָרגאניזירונג איהרע וואָלט נויטווענדיגערווייזע אָנגענומען אזא ריכטונג וואס וואָלט געווען פיינדליך צו די אינטערעסען פון קאפּי־טאל. אין דעם מאָמענט וואָס די פּארמגליכע קלאסען וואָלטען, דורך דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג, זיך געסטארעט איינצופיהרען אַ ממשלה פון אַ „שטארקער" קאפּיטאַליסטישער רעפּובליק, וואָלט די פולע מאכט פון די סאָוויעטען, כאָטש דאָס איז בשום אופן ניט דאָסזעלבע וואָס „סאָציאליזם", זיכער געבראָכען די געגנערשאפט פון דער בורזשואזיע, און אין אַ פּאראייניגונג מיט די עקזיסטי־רענדע פּראָדוקטיווע כוחות און מיט דער לאגע אין מערב אייראפּא, זיכער אָנגענומען אזא ווענדונג אין דער עקאָנאָמישער אָרגאניזאָ־ציאָן, וואָס וואָלט געווען אין די אינטערעסען פון די האראָפּאשנע מאסען. אוועקשארענדיג אין אַ זייט די קייטען פון דער קאפּיטאַ־ליסטישער מאכט, וואָלט די רעוואָלוציע געוואָרען אַ ש ט ע נ ־ ד י ג ע, דאָס הייסט, זי וואָלט זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף איין אָרט; זי וואָלט אָנגעווענדעט איהר מלוכה מאכט, ניט צו באפעס־טיגען די ממשלה פון אונטערדריקונג, נאָר פארקעהרט, זי צו פאר־ניכטען. איהרע ענדגילטיגע געווינסען אין דעם פּרט וואָלטען זיך געווענדעט אָן די ערפאָלגען פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע אין אייראָפּא. פון דער אנדערער זייט וואָלט זי געמאָן אַ שטאר־

קען שטופּ די רעוואָלוציע אין מערב אייראָפּאַ, וואָס מעהר ־ענטשי־
דען און מוטיג זי וואָלט אונטערדריקט די געגנערשאַפט פון איהר
אייגענער בורזשואַזיע. דאָס איז געוועזן און דאָס בלייבט דער
אײנציגער און ווירקליכער אויסזיכט פאַר
דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע.

אָבער פאַר די פאַנטאַסטען פון די פיליסטערען האָט דער
אויסזיכט אויסגעקוקט „אוטאָפּיסטיש“. וואָס זיי ווילען — דאָס
האָבען זיין קיינמאָל ניט געוואוסט. צערעטעלי האָט געהאַלטען
אין איין ריידען וועגען „רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע“, ניט
באַגרייפענדיג אפילו וואָס דאָס איז. ניט בלויז די סאָציאַליסטען־
רעוואָלוציאָנערען האָבען געהאַט די טבע צו שווימען אויף די
כוואַליעס פון דעמאָקראַטישער פראַזעאָלאָגיע; די מענשעוויקעס
האָבען אויך אוועקגעלעגט אַן אַ זייט זייער קלאַסען קריטעריום אַזוי
שנעל ווי דער קרעטעריום האָט צו קלאָר ארויסגעשטעלט דעם
קליינבירגערליכען כאַראַקטער פון זייער פּאָליטיק. דער כלל פון
„רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע“ בארעכטיגט שוין אַלעם און מיט
איהם איז מען אַלץ יוצא. און ווען די אַלטע שוואַרץ־מאה׳ניקעס
שטעקען אריין זייערע שמוציגע פינגער אין די קעשענעס פון די
באָלשעוויקעס, טוען זיי דאָס אויך אין׳ם נאָמען פון „רעוואָלוציאָ־
נערער דעמאָקראַטיע“. אָבער לאָמיר ניט ריידען מיט קיין רמזים.

רעפּרעזענטירענדיג די מאַכט פון דער בורזשואַזיע, אָדער בע־
סער געזאָגט, די נייטראַליזאַציע פון דער מאַכט דורך דער קאָאַלי־
ציע, האָט די סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע און מענשעוויסטישע
דעמאָקראַטיע פּשוט ארונטערגענומען דעם קאָפּ פון דער רעוואָלו־
ציע. פון דער צווייטער זייט האָט די קליינבירגערליכע דעמאָ־
קראַטיע, פאַרטיידיגענדיג די סאָוויעטען אַלס זייערע אָרגאַנען,
פּשוט ניט דערלאָזט, אַז די רעגירונג זאָל שאַפען וועלכען ניט
איז אדמיניסטראַטיווען אַפּאַראַט אין די פּראָווינצען. די רעגיע־
רונג איז געוועזן מאכטלאָז ניט נאָר צו טאָן גוטס, נאָר זי איז אויך
ניט געוועזן בכח צו טאָן שלעכטס. כאָטש די סאָוויעטען האָבען

געהאַט אָהן אַ שיעור אַמביציעזע פּלענער, האָבען זיי קיין איינעם פון זיי ניט געקענט דורכפיהרען. די קאַפּיטאַליסטישע רעפּובליק, וואָס האָט געוואַקסען פון אויבען, און די אַרבייטער דעמאָקראַטיע וואָס האָט געשפּראָצט פון אונטען, האָבען איינע די אַנדערע ניט געלאָזט זיך אַ ריהר טאָן. וואו זיי האָבען זיך נאָר ביידע באַגע־גענט איז אַרויסגעקומען אַ מחלוקה. דער מיניסטער און די קאָמי־סאַרען האָבען אונטערדריקט די קערפּערשאַפט פון רעוואָלוציאָנע־רער זעלבסט־פּאַרוואַלטונג, די קאָמאַנדירען האָבען געשאָטען פּעך און שוועבעל אויף די אַרמעע־קאָמיטעטען, און די סאָוויעטען זיינען אַלץ געלאָפען הין און צוריק צווישען די מאַסען און דער רעגיערונג. האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה פון קריזיסען און קריזיסען; אַ מי־ניסטער אריין, אַ מיניסטער אַרויס. און וואָס מעהר מען האָט איינגעזעהען, אַז די רעפּרעסיווע מיטלען פון דער מאַכט זיינען אָהן אַ טאָלק און אַרויסגעוואָרפען, אַלץ גרעסער איז געוואַקסען די אונ־צופרידענהייט צווישען די מאַסען. פון דער הויך האָט זיך געמיזט אויסווייזען, אַז דאָס גאַנצע לעבען איז אַ זודיגער מבול פון „אַנאַרכיע“.

מען האָט געזעהן בחוש, אַז די וואַקלענדיגע צווייענדיגקייט פון דער ממשלה פון דער קליינבירגערליכער „דעמאָקראַטיע“ איז אַבסאָלוט ניט פעהיג. און וואָס טיפער עס זיינען געוואָרען די פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציע, אַלץ שמערצליכער האָט זיך אַרויסגעוויזען די אונפעהיגקייט. דער גאַנצער מלוכה בנין איז געשטאַנען אויפ׳ן קאָפּ, אָדער בעסער געזאָגט, אויף זיינע צוויי אָדער דריי קעפּ. איין ניט פאַרזיכטיגע באַוועגונג פון מיליוקאָוו׳ן, קערענסקי׳ן אָדער צערעטעלי׳ן האָט געקענט איבערקעהרען דאָס גאַנצע געשעפט מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. וואָס אַ טאָג האָט מען אַלץ קלאָרער געזעהן, אַז דאָ וועט זיין איינס פון די צוויי: אָדער די סאָוויעטען מוזען איבערנעמען די מאַכט, אָדער די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג וועט די סאָוויעטען אינגאַנצן אוועקשאַרען אין אַ זייט. אַן אויסערליכער סלאַפּ איז געווען דאָס

איינציגע וואָס מען האָט נעדאַרפט האָבען צוצושטערען דאָס גלייכ־געוויכט פון'ם גאַנצען בנין. און דער דאָזיגער קלאַפּ איז געקו־מען אין דער פאָרמע פון די געשעהענישען פון'ם 16 — 18טען יולי. דער ק ל י י נ ב י ר ג ע ר ל י כ ע ר „אַבגאָט", וואָס מען האָט אויסגעקנאָטען און אוועקגעשטעלט אויף דעם יסוד פון א „פריינד־ליכער" פאַראייניגונג צווישען צוויי סיסטעמען וואָס שטימען ניט איינס מיט'ן אנדערן, האָט געקראָגען א טויט־קלאַפּ. און צערע־טעלי האָט באַקומען די מעגליכקייט צו פאַרצייכענען אין זיינע כתבים, אז זיין פּלאַן צו ראַטעווען רוסלאַנד איז דורכגעפאַלען איבער דעם פּולימיאָטנע פאָלק.

אנמערקונג:

די רוסישע רעוואלוציע איז פון פארשיעדענע שרייבער אַנאַליזירט געווארען אויף פארשיעדענע אופנים. די בורזשואזיע און האלב־בורזשואזע עלעמענטען האָבען זיך באמיהט צו באווייזען, אז די רוסישע רעוואלוציע איז א בורזשואזע רעוואלוציע. און אזוי שנעל ווי זיי האָבען „באוויזען", אז דאָס איז אַ בורזשואַזע רעוואָלוציאָן, זיינען זיי געקומען צום שלוס, אז די בורזשואזיע איז אויך בארעכטיגט צו איהרע פריווילעגיעס אין דער רעוואָלוציע, אז די בורזשואַזיע דארף אויך האָבען א דעה אין דער רעגיערונג.

אום צו באַשטרייטען אַט אזעלכע „טעאָרעטישע באַוויזע" האָט טראָצקי אָנגעשריבען דעם אַרטיקעל: „דער כאראקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע."

# דער כאַראַקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

די ליבעראַלע און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע־מענשעוויסטישע שרייבאַרעס און פּאָליטיקער זיינען שטאַרק באַזאָרגט איבער דער פראַגע וועגען דער סאָציאָלאָגישער וויכטיגקייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זיי האַלטען זיך אין חקירה'ן — צי דאָס איז אַ בורזשואַזנע רעוואָלוציע אָדער אַן אנדער מין רעוואָלוציע? אויפ'ן ערשטען בליק קען זיך דוכטען, אַז די דאָזיגע אַקאַדעמישע חקירות זיינען עפּעס מאָדנע. די ליבעראַלען האָבען דאָך גאָר ניט וואָס צו געווינען פון דעם וואָס זיי וועלען ענטדעקען די קלאַסען אינטערעסען אונטער „זייער" רעוואָלוציע. און וואָס איז שייך די קליינבירגערליכע „סאָציאַליסטען", איז שוין ביי זיי אַ כלל זיך ניט צו באַנוצען מיט קיין טעאָרעטישע אַנאַליזען אין זייער פּאָליטישער טעטיגקייט, נאָר מיט „פּשוט'ען שכל", וואָס איז בלויז אַן אנדער נאָמען פאַר מיטעלמעסיגקייט און פּרינציפּענלאָזיגקייט. דער אמת איז, אַז די מיליוקאָוו־דאַן אָפּשאַצונג, וואָס האָט געצויגען איהר יניקה פון פּלעכאַנאָוו'ן, האָט ניט אין זיך אפילו קיין איינציג קערענדעל פון אַ טעאָריע. ניט די „יעדינסטוואָ", ניט די „ריעטש", ניט דער „דיען" און ניט די „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ" נעמען זיך די מיה צו פאָרמולירען וואָס זיי פאַרשטעהן און וואָס ס'מיינט אַזוינס אַ בורזשואַזנע רעוואָלוציע. די כונה פון זייערע מאַנעוורעס איז פּשוט אַ פּראַקטישע: צו דעמאָנסטרירען די „רעכט" פון דער בורזשואַזנער רעוואָלוציע אָנצוהאַלטען די מאַכט. מעגען אפילו די סאָוועטען פאַרטרעטען די מאַיאָריטעט פון די פּאָליטיש־

ערצוויגענע מאסען, עס מאכט ניט וואס אין אלע רעמאָקראַ־טישע וואהלען, אין שטאָדט און אין דאָרף, זיינען די קאַפּיטאַ־ליסטישע פּארטייען דורכגעפאלען מיט א קנאַק, — „כל זמן אונזער רעוואָלוציע איז א בורזשואזנע אין כאראקטער", דאַרף מען אָפּ־היטען די פּריווילעגיעס פון דער בורזשואזיע, און איהר אָפּגעבען אין דער רעגירונג אזא ראָלע, צו וועלכער זי איז בארעכטיגט לויט דעם גלייכען חלק פון די פּאָליטישע גרופּען אין לאַנד. אויב מיר דאַרפען האנדלען לויט די פּרינציפּען פון דעם דעמאָקראַטישען פּאַר־לאַמענטאַריזם, דאַן איז קלאָר, אז די מאכט באלאנגט צו די סאציאַ־ליסטען־רעוואָלוציאָנערען, — אָדער צו זיי אליין, אָדער אי צו זיי, אי צו די מענשעוויקעס. נור אזוי ווי „אונזער רעוואָלוציע איז א בור־זשואזנע", פאַררוקט מען אין א ווינקעל די פּרינציפּען וועגען דעמאָ־קראַטיע, און די פּאַרטרעטער פון דער גרעסטער מאַיאָריטעט פון פאָלק קריגען פינף פּלעצער אין מיניסטעריום, בעת די פּארטרע־טער פון אַן אונבאַדייטענדער מינאָריטעט קריגען צוויי מאָל אזוי פיעל. צום טייוועל מיט דעמאָקראַטיע! לאַנג לעבען זאָל פּלעכאַ־נאָוו'ס סאָציאָלאָגיע!

„איך בין זיך משער אז איהר וואָלט געוואָלט האָבען א בורזשו־אזנע רעוואלוציע אָהן דער בורזשואזיע?" פרעגט זיך פּלעכאַנאָוו אזוי קלינגעריש שטיצענדיג זיך אויף די דיאלעקטיקער און אויף ענגעלס'ן.

„יאָ, דאָס מיינען מיר!" גיט זיך מיליוקאָוו א כאַפּ. „מיר קאַדעטען, זיינען אפילו גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון דער מאכט, וואָס דאָס פאָלק וויל אונז ניט געבען. אָבער מיר קענען דאָך ניט טאָן דער וויסענשאַפט אויף צו־להכעיס". און פאַר א באַווייז ברענגט ער זיך א פּאָר פסוקים פון פּלעכאַנאָוו'ס „מארקסיזם".

אזוי ווי אונזער רעוואָלוציע איז א בורזשואזנע, טענה'ן די הערען פּלעכאַנאָוו, דאַן אין פּאָטרעסאָוו, מוזען מיר ברענגען צו א פּאָליטישער פאראייניגונג צווישען די ארבייטער און זייערע אונ־טערדריקער. און אינ'ם ליכט פון דער דאָזיגער סאָציאָלאָגיע זעהט

זיך באַזונדערס שטאַרק אָן די היסטאָרישע וויכטיגקייט פון דעם פּאַיאַצישען האַנטדרוק פון בובליקאָוו'ן מיט צערעטעלי'ן.

די צרה איז אָבער דאָס, אַז מיט דעם זעלבען בורזשואַזנעם כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע וואָס ווערט איצטער געברויכט אַלס אַ רעכטפערטיגונג פון דער קאָאַליציע צווישען די סאָציאַליס־טען און קאַפּיטאַליסטען, האָבען זיך דיזעלבע מענשעוויקעס באַנוצט פונקט צו פאַרקעהרטע שלוסען.

אַזוי ווי אין אַ בורזשואַזנער רעוואָלוציע, — פלעגען זיי טענה'ן, — קען די הערשענדע מאַכט ניט האָבען קיין אַנדער עובדא ווי צו באַוואָרענען די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, איז דעריבער קלאָר, אַז דער סאָציאַליזם קען מיט איהר גאָר ניט האָבען צו טאָן; דאָס פּלאַץ פון סאָציאַליזם איז ניט אין דער רעגיערונג, נאָר אין דער אָפּאָזיציע. פּלעכאַנאָוו אַליין האָט גע'טענה'ט, אַז סאָציאַליסטען קע־נען אונטער קיין אומשטענדען ניט נעמען אַנטייל אין אַ בורזשואַזנע רעגירונג, און ער האָט אויסגעגאָסען זיין גאַנצען צאָרן אויף קאַוטסקי'ן, וועלכער האָט פאַרגעבראַכט אַ רעזאָלוציאָן, אַז עס קענען זיין אויסנאַמען אין דעם פּרט. „צייטען בייטען זיך"— דאָס איז שוין אַן אַלטער כלל. און אַט דעם כלל האָט מען אָנגע־נומען אין פּלעכאַנאָוו'ס סאָציאָלאָגיע.

עס מאַכט ניט ווי ווידערשפּרעכענד עס מעגען זיין די מיינונ־גען פון די מענשעוויקעס און זייער פיהרער פּלעכאַנאָוו, ווען איהר פאַרגלייכט זייער ערקלערונג פון פאַר דער רעוואָלוציע מיט זייערע איצטיגע ערקלערונגען, איין געדאַנק שטרייכט אונטער ביידע טענות, און דאָס איז, אַז מען קען ניט דורכפיהרען קיין בורזשואַזנע רעוואָלוציע „אָהן דער בורזשואַזיע". אויפ'ן ערשטען בליק קוקט דאָס אויס אַקסיאָמאַטיש, אַז אַזוי איז דאָס און אַנדערש קען דאָס ניט זיין. אָבער אין דער אמת'ן איז דאָס פשוט אידיאָטיש.

די געשיכטע פון דער מענשהייט האָט זיך ניט אָנגעהויבען פון דער מאָסקווער קאָנפערענץ. עס זיינען פריהער אויך געווען רע־וואָלוציעס. ביי'ם סוף פון'ם 18טען יאָהרהונדערט איז געווען אַ

רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, וועלכע ווערט גערופען, און ניט אָהן א גרונד, די „גרויסע רעוואָלוציע”. דאָס איז געווען א בורזשואזנע רעוואָלוציע. אין איינע פון איהרע פאַזען איז זי אריינגעפאלען אין די הענד פון די יאקאָבינער, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרען פון די „סאַן־קולאָטען”, אָדער האַלב פּראָלעטארישע ארבייטער פון דער שטאָדטישער באַפעלקערונג, און וועלכע האָבען אוועקגעלעגט צווישען זיי און די זשיראָנדיסטען, די ליבעראַלע פּארטיי פון דער בורזשואזיע, ווי די היינטיגע קאַדעטען, דעם גלייכען וועג צו דער גילאָטינע. עס איז געווען די דיקטאַטור פון די יאקאָבינער וואָס האָט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געגעבען איהר איצטיגע וויכ־טיגקייט, וואָס האָט זי געמאַכט פאַר „דער גרויסער רעוואָלוציע”. און דאָך איז די דאָזיגע דיקטאַטור געשאַפען געוואָרען, ניט בלויז א ה ן דער בורזשואזיע, נור טראָץ דעם וואָס זי, די בורזשואזיע, איז געווען געגען דעם. ראָבעספּיער, וועלכער איז דוקא ניט גע־ווען באַקאַנט מיט פּלעכאַנאָוו'ס אידעען, האָט איבערגעקערט אַלע געזעצען פון סאָציאָלאָגיע, און אַנשטאָט צו דריקען די הענט פון די זשיראָנדיסטען און זיין מיט זיי קוצעניר־מוצעניו, האָט ער זיי אָפּ־געהאַקט די קעפּ. דאָס איז געווען ברוטאַל, קיינער לייקענט דאָס ניט. אָבער די דאָזיגע ברוטאַליטעט האָט דער פראַנצויזישער רע־וואָלוציע ניט געשטערט צו ווערען גרויס, דוקא אין די גרעניצען פון איהר בורזשואזנעם כאַראַקטער. מאַרקס, אין וועמעס נאָמען עס ווערען איצט באַגאַנגען אַזוי פיעל אונערלויבליכע זאַכען אין אונ־זער מדינה, האָט געזאָגט, אַז דער „גאַנצער פראַנצויזישער טעררער איז פּשוט געווען א פּ ל ע ב ע א י ש ע ר פאַרזוך פּטור צו ווערען פון די שונאים פון דער בורזשואזיע”. און אַזוי ווי דיזעלבע בור־זשואזיע האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר דיזעלבע פּלעבעאישע מעטאָדען אויף פּטור צו ווערען פון די שונאים פונ'ם פאָלק, האָ־בען די יאקאָבינער ניט נור צוגענומען די מאַכט ביי דער בורזשואַ־זיע, נאָר אויך איינגעפיהרט א געזעץ פון בלוט און אייזען אין באַ־צוג צו דער בורזשואזיע, אַלע מאָל ווען די לעצטע האָבען געמאַכט

אַ פאַרזוך צו פאַרהאַלטען אָדער צו מאַכען „מעסיגער" די ארבייט פון די יאַקאָבינער. און אַזוי זעהען מיר, אַז די יאַקאָבינער האָבען דורכגעפיהרט אַ בורזשואַזנע רעוואָלוציע אָהן דער בורזשואַזיע.

ריידענדיג וועגען דער ענגלישער רעוואָלוציע אין 1648 זאָגט ענגעלס אַזוי: „כדי די בורזשואַזיע זאָל אויסרייסען די אַלע פרוכטען וואָס זיינען צייטיג געוואָרען, איז געוועזן נויטיג, אַז די רעוואָלוציע זאָל אַוועק ווייטער פון איהרע ערשטע ציעלען, ווי עס איז ווידער געוועזן דער פאַל אין פראַנקרייך, אין 1793 און אין דייטשלאַנד אין 1848. דאָס איז איינע פון די געזעצען פון דער ענטוויקלונג פון דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט. מיר זעהן, אַז ענגעלס'עס געזעץ איז דווקא געגען פּלעכאַנאָוו'ס צונויפגעקלעפּטען ביידעל, וואָס די מענשעוויקעס האָבען אָנגענומען אַלס מאַרקסיזם.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז מען קען דאָ אָנווייזען דאַרויף וואָס די יאַקאָבינער אַליין זיינען געוועזן אַ בורזשואַזיע, אַ קליינבורזשואַזיע. דאָס איז טאַקי אמת. אָבער איז דאָס דען ניט אויך דער פאַקט אין דעם פאַל פון דער זאָגענאַנטער „רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע", וואָס ווערט אָנגעפיהרט פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און מענשעוויקעס? צווישען די קאַדעטען, די פּאַרטיי פון די גרעסערע און קלענערע פאַרמעגליכע קלאַסען, פון איין זייט, און די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען פון דער צווייטער זייט, איז אין די אַלע וואַהלען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די שטעדט ווי אויך אין די דערפער, ניט געוועזן קיין שום צווישען־פּאַרטיי. און דאַריבער איז דאָס קלאָר ווי דער טאָג, אַז די קליין בורזשואַזיע האָט געמוזט געפינען איהר פּאָליטישע פאַרטרעטערשאַפט אין די רייהען פון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען. די מענשעוויקעס, וועמעס פּאָליטיק עס אונטערשייד זיך ניט אויף אַ האָר פון דער פּאָליטיק פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, האָט אָפּגעשפּיגעלט די זעלבע קלאַסען־אינטערעסען. און עס איז ניט פאַראַן קיין ווידערשפּרוך אין דעם פאַקט

וואָס זיי זיינען אויך געשטיצט געוואָרען פון א טייל פון די צוריק־געשטאַנענע אָדער קאָנסערוואַטיוו־פּריווילעגירטע ארבייטער. פאַר וואָס האָבען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען דאָך ניט געקענט איבערנעמען די מאַכט ? אין וואָס פאַר א זינען און פאַר וואָס האָט דער „בורזשואַזנער" כאַראַקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע (אויב מיר נעמען אָן, אז זי איז פון אזא כאַראַקטער) גע־צוואונגען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און מענשעוויקעס צו פאַרבייטען די פּלעבעאישע מעטאָדען פון די יאַקאָבינער אויף דער ציערליך־מאַנירליכער מעטאָדע פון מאַכען יד אחת מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע ? עס איז קלאָר און דייט־ליך, אז די ערקלערונג דאַרף מען זוכען, ניט אין דעם „בורזשואַז־נעם" כאַראַקטער פון אונזער רעוואָלוציע, נור אין דעם קליינליכען כאַראַקטער פון אונזער קליינבירגערליכער דעמאָקראַטיע. אנשטאַט צו שאַפען פון דער מאַכט אַן אָרגאַן אויף צו פאַרווירקליכען די גרינדליכע פאָדערונגען פון דער געשיכטע, האָט אונזער כלומר'שטע דעמאָקראַטיע גאַנץ גלייכגילטיג איבערגעגעבען די גאַנצע ווירקליכע מאַכט צו דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער, מיליטעריש־אימפּעריאַ־ליסטישער באַנדע, און צערעמעלי האָט זיך נאָך אויף דער מאָסק־ווער קאָנפערענץ באַריהמט, אז די סאָוועטען האָבען ניט איבערגע־געבען זייער מאַכט ווייל מען האָט זיי געצוואונגען, ניט נאָך א מוטיגען קאַמף און א מפּלה, נור פּשוט פרייוויליג, אלס א באַווייז פון פּאָליטישען „זעלבסט־פאַרשווינדען". א העפליכקייט פון א קאַלב וואָס האַלט אויסגעשטרעקט דעם האַלז אונטער'ן קצב'ס מעסער, איז ניט פון דעם מין מיט וואָס מען קען וועלטען איינ־נעמען.

דער אונטערשיעד צווישען די טעראָריסטען פון דעם פאַריזער „קאָנוועגט" און די מאָסקווער פּרייווילינע אונטערגעבערס איז דער אונטערשיעד צווישען טיגערס און קעלבעלאַך פון איין עלטער — א אונטערשיעד אין מוט. אָבער אָט דער אונטערשיעד איז ניט פונדאַמענטאַל. דאָס דעקט פּשוט צו אַן אבסאָלוטען אונטערשיעד

אין דעם פערסאָנאַל פון דער דעמאָקראַטיע גופא. די יאַקאָבינער האָבען זיך געשטיצט אויף די קלאַסען, וועלכע האָבען געהאט זעהר ווענינ אָדער גאָר קיין אייגענטום ניט, און אויך אויף די ערשט ארויסגעשפּראָצטע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבען שוין דאַן עקזיסטירט. אין אונזער פאַל אָבער האָט דער אינדוסטריעלער אַרבייטער קלאַס שוין דורכגעאַרבייט זיין וועג פון דער שלאַכט באַגרינדעטער דעמאָקראַטיע צו אַזאַ פּאָזיציע אין דער געשיכטע וואו ער האָט אַ געוואַלדיג וויכטיגען איינפלוס. די קליינבירגערליכע דעמאָקראַטיע האָט פאַרזעהן די בעסטע רעוואָלוציאָנערע מעלות, וואָס האָבען זיך ענטוויקעלט ביים פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט שוין איבערגעוואַקסען די אפּעקונסטווע פון דער קליינבורזשואַזיע. די דאָזיגע ערשיינונג ווידער איז געקומען אַ דאַנק דער הויכער שטופע צו וועלכען דער קאַפּיטאַליזם האָט דערגרייכט אין רוסלאַנד אין פאַרגלייך מיט דעם פראַנצויזישען קאַפּיטאַליזם אינ׳ם סוף פונ׳ם אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט. די רעוואָלוציאָנערע כחות פון דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט שטיצען זיך אויף זיין ריעזיגער פּראָדוקטיווער מאַכט, וועלכע האָט זיך אַמשטאַרקסטען ארויסגעוויזען אין דער צייט פון דער מלחמה. די מורא פאַר אַן אייזענבאַהן סטרייק דערמאָנט אונז היינטיגע צייטען ווי דאָס גאַנצע לאַנד העננט אָפּ פון דער קאָנצענטרירטער ארבייט פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט. אין די סאַמע ערשטע ענטוויקלונגס שטופען פון דער רעוואָלוציע איז די קליינבירגערליכע פּויערים פּאַרטיי אוועקגעשטעלט געוואָרען צווישען צוויי פייערען — די מעכטיגע גרופּען פון דעם אימפּעריאַליסטישען קאַפּיטאַל פון איין זייט און דער רעוואָלוציאָנערער אינטערנאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי פון דער אַנדערער זייט. אין איהר קאַמף אויסצואיבען אַן אייגענעם איינפלוס אויף די ארבייטער, האָט די קליינבורזשואַזיע געהאַלטען אין איין באַראַבאַנען אויפ׳ן פּויק פון איהר „שטאַאַטסמאַנשאַפט” און „פּאַטריאָטיזם”, און איבער דעם איז זי געוואָרען שקלאַפּיש אָפּהענגיג אָן די גרופּען פון דעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען קאַפּיטאַל. אין דער־

זעלבער צייט האָט זי פארלארען די מעגליכקייט צו מאכען א סוף פון'ם אלטען שימעל; זי האָט קיין כחות ניט געהאט זיך אָפּצוטרייס־לען פון דעם שימעל, פון דעם בארבאריזם, וואָס האָט איינגעהילט יענע טיילען פון דער באפעלקערונג, וואָס זיינען געשטאנען מיט איהר. דער קאמף פון די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען און מענ־שעוויקעס צו באקומען אן איינפלוס אויפ'ן פראָלעטאריאט, האָט אלץ מעהר און מעהר אָנגענומען די פאָרמע פון א קאמף, וואָס די פראָלעטארישע פארטיי פיהרט אָן צו קריגען די פיהרערשאפט פון די האלב פראָלעטארישע מאסען אין די דערפער און אין די שטעדט. ווייל זיי האָבען „פּריווילִיג" איבערגעגעבען זייער מאכט אין די הענט פון דער בורזשואזנער באנדע, זיינען די סאָציאליסטען־רע־וואָלוציאָנערען און מענשעוויקעס געווען געצוואונגען איבערצוגע־בען די רעוואלוציאנערע מיסיאן לחלוטין צו דער פארטיע פון דעם פראָלעטאריאט. דאָס אליין איז גענוג צו באווייזען, אז דער פארזוך צו ענטשיידען פונדאמענטאלע פראגען און טענה'ן, אז אונזער רעוואָ־לוציע איז בלויז א „בורזשואזנע", קען בלויז דיענען אלס א מי־טעל צו פארדונקלען די מוחות פון די צוריקגעשטאנענע ארבייטער און אָפּנארען די פויערים.

אין דער פראנצויזישער רעוואָלוציע פון 1848 האָט דער פראָ־לעטאריאט שוין געמאכט העלדישע אָנשטרענגונגען פאר אונאָב־הענגיגער אקציאָן. אָבער דאן האָבען זיי נאָך ניט געהאט קיין קלאָרע רעוואָלוציאָנערע טעאָריע און קיין פעסטע קלאסען־אָרגאַ־ניזאציע. די פּראָדוקציאָנס וויכטיגקייט פון'ם פראנצויזישען פּראָ־לעטאריאט אין יענער צייט איז געווען א סך נידעריגער פון דער עקאָנאָמישער פונקציאָן פון'ם רוסישען פּראָלעטאריאט אין דער איצטיגער צייט. דערצו איז נאָך הינטער דער רעוואָלוציע פון 1848 געשטאנען אן אנדער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געלעזט די ערד־פראגע אויף איהר אייגענעם שטייגער, און דאָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דעם וואָס דער פּראָלעטאריאט, באזונדערס דער פּאריזער פּראָלעטאריאט, האָט זיך אָפּגעטיילט פון די פויערים

מאסען. אונזער לאגע אין דעם פרט איז א סך א גינסטיגערע. משכנות אויף גיטער פארפליכטונגגען פון אלע מינים, אונ־טערדריקונגען, און די רויבערישע עקספלואטאציע פון דער קירכע — אט די אלע זאכען זיינען ווי אומפארמיידליכע פראגען וועלכע שטעלען זיך פנים אל פנים מיט דער רוסישער רעוואַ־לוציע און געפאדערט א מוטיגע שטעלונג, וואס גיט ניט איין אויף קיין פשרות. ווען אונזער פארטיי וואלט זיך אינגאנצען אפילו אפגעטיילט פון די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען און מענשעוויקעס וואלט דאס אויף קיין אופן ניט גערייסען אפטיילען דעם פראלעטאריאט פון די אונ־טערדריקטע פויערים און שטאדטישע מאסען. אין געגענטייל, א שארפע אפאזיציע פון דער פאליטיק פון'ם רעוואלוציאנערען פראַ־לעטאריאט צו די אומפארצייליכע מעטאדען פון די איצטיגע סאַ־וויעט־פיהרער, קען ברענגען א געזונדע היילונג פאר די מיליאנען פויערים, אוועקנעמען די ארימע פויערים פון'ם פארדעטערישען איינ־פלוס פון די מעכטיגע סאציאליסטיש־רעוואלוציאנערע מוזשיקעס, און מאכען דעם סאציאליסטישען פראלעטאריאט פאר דעם אמת'ן פיהרער פון דער „פלעבעאישער" פאלקס רעוואלוציע.

און נאך א זאך. די פוסטע חקירות וועגען דעם בורזשואזנעם כאראקטער פון דער רוסישער רעוואלוציע זאגט לחלוטין גאר ניט וועגען דעם אינטערנאציאנאלען כאראקטער פון איהר סביבה. און דאס איז דאך דער הויפט פאקטאר. די גרויסע יאקאבינער רעוואלוציע האט געהאט געגען זיך א צוריקגעשטאנענע, פעאדאלע, מאנארכיסטישע אייראפא. דער יאקאבינער רעזשים איז געפאלען און געמאכט פלאץ פאר'ן באנאפארטיסטישען רע־זשים, אונטער דער משא פון איבערמענשליכער אנשטרענגונג, וואס זי האט געמוזט אנווענדען כדי זיך צו האלטען געגען די פאראיי־ניגטע כחות פון מיטעלאלטער. די רוסישע רעוואלוציע אבער האט געטראפען פאר זיך א אייראפא, וואס איז אוועק נאך וויטער פאר איהר, און שוין דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון קאפיטאליסטי־

שער ענטוויקלונג. די איצטיגע שחיטה באוויזט, אז איראָפּא האָט שוין דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון קאפּיטאַליסטישער איבערזעטיגונג, אַז זי קען שוין מעהר ניט לעבען און וואַקסען אויף דעם באָדען פון פּריוואַט אייגענטום פון די פּראָדוקציאָנס מיטלען. דער ראזיגער כאָאָס פון בלוט און חורבן איז א ווילדער אויסברוך פון די שטומע און פּאַר׳עקשנ׳טע כחות פון דער פּראָדוקציאָן, דאָס איז דער אויפשטאַנד פון שטאָל און אייזען געגען דער הערשאַפט פון פּראָפיט, געגען לוין־שקלאַפעריי, געגען דער אומגליקליכער פאַרגליווערונג פון אונזערע מענשליכע באַציהונגען. דער קאפּי־טאַליזם, וועלכער איז איצטער אייגגעהילט אין די פלאַמען פון א מלחמה, וואָס ער האָט אליין געבראַכט אויף דער וועלט, שרייט און רעוועט איצט דורך די מיילער פון זיינע קאַנאָנען: „מענשהייט, אָדער באַזיעג מיך, אָדער איך וועל דיך באַגראָבען צווישען מיינע חורבות בעת איך וועל פאַלען!”

די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, די טויזענ־טער יאָהרען פון מענשליכער געשיכטע, פון קלאַסען־קאַמף, פון קולטורעלע אוצרות, זיינען איצטער קאָנצענטרירט ארום דער איינ־ציגער פראַגע פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע. קיין אנדער לעזונג איז ניטאָ. קיין אנדער אויסוועג קען ניט זיין. און אין דעם ליגט די ריעזיגע מאַכט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס איז ניט קיין „נאַציאָנאַלע”, קיין בורזשואַזנע רעוואָלוציע. ווער עס דענקט אזוי לעבט נאָך עד היום אין דער קעניגרייך פון די האַלו־צינאַציעס פונ׳ם 18טען און 19טען יאָהרהונדערטען. אונזער פאַ־טערלאַנד איז דאָס 20טע יאָהרהונדערט. דער ווייטערדיגער שיק־זאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע העננט אָפּ דירעקט אָן דעם גאַנג און אָן דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה, דאָס איז, אָן דער ענטוויק־לונג פון קלאַסען־געגענזאַצען אין איראָפּא, צו וועלכע די אימפּע־ריאַליסטישע מלחמה האָט צוגעגעבען דעם כאַראַקטער פון אָן אויס־ברוך.

די קערענסקים און קאָרנילאָווס האָבען צו פריה אָנגעהויבען

באַנוצען די שפּראַך פון אויטאָקראַטען. די קאַלעדינס האָבען צו־פריה געוויזען זייערע צייהן. דער פּאררעטער צערעטעלי האָט צו־פריה געדריקט די מיאום׳ע אויסגעשטרעקטע האנט פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. ביז איצט האָט די רעוואָלוציע געזאָגט בלויז איהר ערשטען וואָרט. זי האָט נאָך ריעזיגע רעזערווען אין מערב איי־ראָפּאַ. אנשטאט דעם וואָס מען האָט געדריקט די הענט פון די רעאַקציאָנערע פיהרער און פון די נישטיגע חברה־לייט פון דער קליינבורזשואזיע, וועט קומען א צייט ווען דער רוסישער פּראָלע־טאריאט וועט ברידערליך דריקען די האנט פון דעם פּראָלעטאַ־ריאט פון אייראָפּא.

## אנמערקונג:

טראָצקי, ווי אַ באָלשעוויק, באַטראַכט די רוסישע רעוואָלוציע, נים בלויז אַלס אַ נאַציאָנאַלע ערשיינונג, נאָר אַלס אַ גרויסע פּאַסירונג פון אינטערנאַציאָנאַלער וויכטיגקייט.

דאָס פּאַרכאַפּען די מאַכט איז ביי טראָצקי'ן בלויז אַ מיטעל צום ציעל: בלויז אַ מיטעל צו פאַרנעהמען איין וויכטיגע פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער אויף דעם גרויסען שלאַכטפעלד געגען דעם וועלט־אימפּעריאַליזם. פאַרלירען אירגענד וועלכע פּאָזיציע דאָ אדער דאָרט איז ביי איהם בלויז אַ צייטווייליגער פאַרלוסט. דער הויפּט קאַמף איז געריכטעטע געגען דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און דיזער קאַמף, ווי טראָצקי פאַרשטעהט איהם, מוז אָנגעפיהרט ווערען אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלען באַזיס.

די האָפנונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן בויעט טראָצקי אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער טאַקטיק פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט. און ער זאָגט טאַקע אין דעם אַרטיקעל: „אינטערנאַציאָנאַלע טאַקטיק", אַז דער ווייטערדיגער ערפאָלג פון פּראָלעטאַריאַט ווערט פריהער פון אַלץ זיין אָפּהענגיג פון דער אייראָפּעאישער און הויפּטזעכליך פון דער דייטשער רעוואָלוציאָן.

# אינטערנאציאנאלע טאַקטיק.

די קלאַסען־פּאָליטישע גרופּירונג אין דער רוסישער רעוואָלוציע איז ארויסגעקומען אַזוי קלאָר וואָס קלאָרער קען גאָר ניט זיין, דערפאַר איז אָבער די צומישעניש אויפ׳ן פעלד פון אונזער אידעאָלאָגיע אויך אַזוי גרויס אַז צומישטער קען שוין גאָר ניט זיין. דער פאַרשפּעטיגטער כאראקטער פון רוסלאנד׳ס היסטאָרישער ענטוויקלונג האָט ערלויבט דער קליינבירגערליכער אינטעליגענץ זיך צו פוצען אין די פּאַווע־פעדערען פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע. אָבער דורך די שעהנע פעדערען האָט זיך נאָך מעהר ארויסגעוויזען די נאַקעטקייט. דער פאַקט וואָס די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און מענשעוויקעס האָבען ניט איבערגענומען די מאכט, ניט אין אנפאַנג פון מאָנאַט מאַרטש, ניט דעם 16טען מאי און ניט דעם 16טען יולי, האָט לחלוטין גאר ניט צו טאָן מיט דעם „בורזשואזנעם" כאראקטער פון אונזער רעוואָלוציע. און דאָס ניט קענען אויסקומען „אָהן דער בורזשואזיע" נעמט זיך דערפון וואָס די קליינבירגערליכע „סאָציאַליסטען", זייענדיג אינגאַנצען געפּענטעט אין די קייטען פון׳ם אימפּעריאַליזם, זיינען ניט פעהיג אויפצוטאָן אפילו א צעהנט חלק פון דער ארבייט וואָס די יאַקאָבינער האָבען אָפּגעטאָן מיט הונדערט און פינף און צוואנציג יאָהר צוריק. פּלאַפּלענדיג וועגען פאַרטיידיגען די רעוואָלוציע און דאָס לאַנד, וועלען זיי דאָך איבערגעבען דער בורזשואזנער רעאַקציע איין פּאָזיציע נאָך דער אנדערער. דאריבער איז דער קאַמף פאַר מאכט געוואָרען די ערשטע און וויכטיגסטע פּראָבלעם פון דעם

ארבייטער קלאַס, און ערשט דאַן וועט די רעוואָלוציע פון זיך ארונטערוואַרפען די אַלע „נאַציאָנאַלע און בורזשואַזנע טראַנטעס."

אָדער מיר וועלען זעהן אַ ריזיגען שריט צוריק, אין דער ריכ־טונג פון אַ שטאַרקען אימפּעריאַליסטען רעזשים, וועלכער וועט זיך נאָך אפשר דערהויבען צו דער מדרגה פון אַ מאָנאַרכיע; די סאָוויעטען, די לאַנד־קאָמיטעטען, די ארמעע אָרגאַניזאַציאָנען, ווי אויך אַ סך אַנדערע זאַכען, וועלען צובראָקעלט ווערען אויף שטיק־לאַך, און די קערענסקים און צערעטעלים וועלען איינגאַנצען פאַ־לען. אָדער דער פּראָלעטאַריאַט וועט מיטשלעפּען מיט זיך די האַלב־פּראָלעטאַרישע מאַסען און אוועקשטופּענדיג אָן אַ זייט זיינע פיהרער פון נעכטען (די קערענסקים און צערעטעלים), וועט ער איינפיהרען די הערשאַפט פון אַן ארבייטער דעמאָקראַטיע. די ווייטערדיגע ערפאָלגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט וועלען דאַן אָפּהענ־גען אָן דער אייראָפּעאישער, און באַזונדערס אָן דער דייטשער, רעוואָלוציע.

ביי אונז איז דער אינטערנאַציאָנאַליזם ניט קיין אַבסטראַק־טער באַגריף, וואָס עקזיסטירט בלויז כדי מען זאָל איהם פאַררּאַטען אין יעדען מאָמענט (דאָס לאָזען מיר איבער פאַר צערעטעלי'ן און טשערנאָוו'ן), נאָר אַ באַלד־הערשענדער, טיעף פּראַקטישער פּרינ־ציפּ. שטענדיגע, ענטשידענע ערפאָלגען זיינען פאַר אונז אומבאַ־גרייפליך אָהן אַ אייראָפּעאישער רעוואָלוציע. מיר קענען דאריבער ניט קויפען קיין קליינע געווינסעלאַך פאַר אַ פּרייז פון אַזעלכע פּראָצעדורען און מאַכינאַציעס, וועלכע קענען נאָך זיין אַ שטערונג אויפ'ן וועג פון דער אייראָפּעאישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. און דערפאַר זיינען מיר אין אונזער גאַנצער פּאָליטישער טעטיגקייט אַבסאָלוט געגען פשרות מיט די סאָציאַל־פּאַטריאָטען.

„אינטערנאַציאָנאַלע קאַמעראַדען! — האָט אויסגעשריען איינער פון די רעדנער אויף דעם אַל־רוסישען סאָוויעטען־קאָנגרעס, — לעגט אָפּ אייער סאָציאַלע רעוואָלוציע אויף פופציג יאָהר שפּע־טער!" און עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז די מענשעוויקעס און

סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען איהם פאַר דער עצה באַדאַנקט מיט באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטען.

און גראָד אין דעם פּונקט, אין זייער באַציהונג צו דער סאָ־ציאַלער רעוואָלוציע, איז זעהר וויכטיג דער אונטערשיעד צווישען די פאַרשידענע פאָרמען פון דעם אָפּאָרטוניסטישען קליינבירגערלי־כען אוטאָפּיזם, פון איין זייט, און דעם פּראָלעטארישען סאָציאַליזם, פון דער אנדערער זייט. ניט וועניג „אינטערנאַציאָנאַליסטען" האָבען זיך איינגערעדט, אז דער קריזיס אין דעם אינטערנאַציאָנאַל איז אַ צייטווייליג שאָוויניסטישע פאַר'שכור'ונג, וואס איז געקומען אַלס אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה, און זיי גלויבען, אז פריהער אָדער שפּעטער וועלען זיך איינשטעלען די פריהערדיגע באַדינגונגען און די אַלטע פּאָליטישע פּאַרטייען וועלען ווידער אַוועק אויף דעם אַלטען וועג פון קלאַסען־קאַמף, וואָס זיי האָבען אויף אַ ווייל פאַרלאָרען. קינדערישע, נאַאיווע האָפנונגען! די מלחמה איז ניט קיין אויסערליכע קאַטאַסטראָפע, וואָס צושטערט דאָס גלייכ־געוויכט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט געגען דעם אויפ־שטאַנד פון די פאַרשפּרייטע פּראָדוקציאָנס כוחות אין דער געזעל־שאַפט, געגען די באַשרענקונגען פון נאַציאָנאַלע גרעניצען און די פאָרמען פון פּריוואַט אייגענטום. אָדער מיר וועלען זעהן די ווייי־טערדיגע קאָנוואולסיעס פון די פּראָדוקציאָנס כוחות, אין דער פאָרמע פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות, וואָס וועלען זיך האַלטען אין איין ווידערהאָלען, אָדער מיר וועלען זעהן ווי די פּראָדוקציאָן וועט זיין אָרגאַניזירט אויף אַ סאָציאַליסטישען אופן. דאָס איז די פראַגע, וואָס די געשיכטע שטעלט פאַר אונז אַוועק.

אויף אַן ענגליכען אופן איז דער קריזיס אין'ם אינטערנאַ־ציאָנאַל ניט קיין אויסערליכע, זייטיגע ערשיינונג.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אייראָפּא האָבען זיך אויס־געבילדעט אין צייט ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך פאַרהעטניסמע־סיג געהאַלטען אויף זיין גלייכגעוויכט און ווען מ'האָט דורך רעפאַר־מען צוגעפּאַסט דעם פּראָלעטאַריאַט צום נאַציאָנאַלען פּאַרלאַמענ־

טאריזם און צום נאציאָנאַלען מארק. „זאָגאר אין דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי, — האָט ענגעלס נאָך אין 1877 געשריבען, — האָט דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזם זיינע פאַרטיידיגער. זאָגאר אזעלכע מיטגליעדער פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פאַרטיי, וועלכע אָנערקענען די פונדאַמענטאַלע באַגריפען פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם אין דעם פּראַקטישען עצם פון דער פאָדערונג, אַז אַלע פּראָדוקציאָנס מיטלען זאָלען ווערען קהל׳שער אייגענטום, ערקלערען, אַז די פאַרווירקליכונג פון אָט דער פאָדערונג וועט זיין מעגליך ערשט אין דער ווייטער צוקונפט, וואָס מען קען נאָך ניט וויסען ווען זי וועט קומען“. און ווייל דער גאַנצער ענין איז געוועזן ביי זיי אַ זאַך פון דער צוקונפט און דער „פריעדליכער“ פּעריאָד האָט זיך געצויגען אַזוי געמיטליך, איז דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזם געוואָרען דער הערשענדער אין דער אָרגאַניזאַציאָן פון׳ם פּראָלעטאַריאַט. זיין אונפעהיגקייט און זיינע באַשרענקונגען האָבען אָנגעהויבען אָננעמען מעהר אַנגרייפענדע פאָרמען אַזוי שנעל ווי דער פריעדליכער באַגאַזש פון ווידערשפּרוכען האָט געמאַכט אַ וועג פאַר אַ שרעקליכער אימפּעריאַליסטישער קאַטאַסטראָפע. ניט בלויז די אַלטע נאַציאָנאַלע רעגירונגען, נאָר אויך די ביוראָקראַטיזירטע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסען צוזאַמען מיט זיי, האָבען געוויזען, אַז זיי זיינען ניט דערוואַקסען צו די פאָדערונגען פון ווייטערדיגען פּראָגרעס. און דאָס אַלעס האָט מען פאַרזעהן.

„די אויפגאַבע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, — האָבען מיר נאָך מיט צוועלף יאָהר געשריבען, — איז באַשטאַנען, און באַשטעהט נאָך איצט, אין רעוואָלוציאָניזירען דעם באַוואוסטזיין פון׳ם אַרבייטער־קלאַס, פּונקט ווי די ענטוויקלונג פון׳ם קאַפּיטאַליזם האָט רעוואָלוציאָניזירט סאָציאַלע באַציהונגען. אָבער די דאָזיגע אַגיטאַציאָנס און אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייטען האָבען זייערע אינערליכע שווערינקייטען. די אייראָפּעאישע סאָציאַליסטישע

פּאַרטייען — באַזונדערס די שטאַרקסטע פון זיי, די דייטשע, — האָבען שוין דערגרייכט אַ געוויסען קאָנסערוואַטיזם, וועלכער איז אַלץ שטאַרקער דאָרט וואו די גרעסטע צאָהל פון די מאַסען זיינען אַרומגעכאַפּט פון׳ם סאָציאַליזם, און וואו די אָרגאַניזאַציאָן און די דיסציפּלין פון די דאָזיגע מאַסען איז אַ שטאַרקע. איבער דעם קען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס דריקט אויס די פּאָליטישע ערפאַה־רונג פון׳ם פּראָלעטאַריאַט, אין אַ געוויסען מאָמענט זיך גאָר אַרויס־ווייזען אַלס אַ באַלדיגע שטערונג אויף׳ן וועג פון אן אָפענעם קאַמף צווישען די אַרבייטער און דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע. מיט אַנדערע ווערטער, דער פּראָפּאַגאַנדיסטיש־סאָציאַליסטישער קאָנ־סערוואַטיזם פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי קען, אין אַ געוויסער צייט, שטערען דעם דירעקטען קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר מאַכט". אָבער אויב די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטען זיינען ווייט ניט געווען קיין גאָר גרויסע מאַמינים אין באַצוג צו די פּאַר־טייען פון׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל, האָט קיינער ניט געקענט פּאָראויסזעהן, אַז דער חורבן פון די דאָזיגע גרויסע אָרגאַניזאַציאָ־נען וועט זיין אַזאַ גוואַלדיגער און אַזוי קאַטאַסטראָפיש.

נייע צייטען פאָדערען נייע אָרגאַניזאַציאָנען. אין דיעם פלאַם ווערען איצטער אומעדום רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען געשאַפען. קיין זאַך איז ניט געגאַנגען פאַרלאָרען, אַלעס ווערט איצטער געלייי־טערט: דער גאַנצער דור פון די „רעאַליסטישע" פיליסטערען ווערט אָוועקגעשאַרט אָן אַ זייט, און די רעוואָלוציאָנערע טענדענ־צען פון׳ם מאַרקסיזם ווערען דאָס ערשטע מאָל אָנערקענט אין זייער גאַנצער פּאָליטישער וויכטיגקייט.

אין יעדער לאַנד איז איצטער די אויפגאַבע ניט אַזוי צו שטי־צען אַן אָרגאַניזאַציאָן, וואָס האָט זיך אַליין איבערגעלעבט, ווי צו ברענגען צוזאַמען די אַלגעמיין אָנגרייפענדע רעוואָלוציאָנערע עלע־מענטען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע ציהען זיך שוין צו די פאָדערשטע רייהען אין׳ם קאַמף געגען אימפּעריאַליזם. אויף׳ן אינטערנאַציאָנאַלען פעלד איז די אויפגאַבע איצט, ניט צו פאַראייי־

ניגען און „צופאַסען“ רעגירונגס־סאָציאַליסטען אויף דיפּלאָמאַ־טישע קאָנפערענצען (ווי די סטאָקהאָלמער!), נאָר צו פּאָרזיכערען א פאראייניגונג פון די רעוואָלוציאָנערע אינטערנאַציאָנאַליסטען פון אלע לענדער און געפינען א געמיינשאפטליכען באזיס פון טעטיג־קייט אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן פון יעדער לאַנד.

אמת, די רעוואָלוציאָנערע אינטערנאַציאָנאַליסטען, וועלכע שטעהען אָן דער שפּיצע פון׳ם ארבייטער־קלאַס, באשטעהען איצ־טער, איבער גאַנץ אייראפּא, פון אן אומבאַדייטענדער מינאָריטעט. אָבער מיר, רוסישע, דארפען זיין די לעצטע מורא צו האָבען דער־פאַר. מיר ווייסען ווי שנעל אין רעוואָלוציאָנערע צייטען עס ווערט א מאַיאָריטעט פון א מינאָריטעט. אזוי שנעל ווי דער אָנגעזאַ־מעלטער צאָרן פון דעם ארבייטער קלאַס וועט סוף כל סוף איבער־ברעכען די שאָלעכץ פון דער רעגירונגס דיסציפּלין, וועט די גרופּע פון ליעבקנעכט, לוקסעמבורג, מעהרינג און זייערע אנהענגער גלייך איבערנעמען די אנפיהרענדע פּאָזיציע אָן דער שפּיצע פון דעם דייטשען ארבייטער־קלאַס. בלויז א סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק קאָן רעכטפערטיגען א צוטיילונג אין דער אָרגאַניזאַציאָן, — אָבער אין דער זעלבער צייט מאַכט זי אזא צוטיילונג אומ־פאַרמיידליך.

די מענשעוויקעס אינטערנאַציאָנאַליסטען, וועלכע האַלטען מיט געננאָסע מאַרטאָוו, נעגען אונז, לייקענען דעם סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערען כאַראַקטער פון דער פּאָליטישער אויפגאַבע. רוסלאַנד, ערקלערען זיי אין דער פּלאַטפּאָרמע, איז נאָך ניט גרייט פאַר׳ן סאָציאַליזם, און דעריבער דארפען מיר זיך באַגנוגענען דערמיט וואָס מיר וועלען גרינדען א דעמאָקראַטיש־בורזשואַזנע רעפּובליק. אזא שטעלונג הייסט אָפּלייקענען די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלע־מען פון׳ם פּראָלעטאַריאַט. ווען רוסלאַנד וואָלט געווען איינע אַליין אויף דער וועלט, וואָלט מאַרטאָוו׳ס מיינונג געווען ריכטיג. אָבער מיר האַלטען איצטער אין דורכפיהרען א וועלט־רעוואָלוציע, מיר האַלטען איצטער אין א קאַמף מיט׳ן וועלט־אימפּעריאַליזם,

מיר האָבען איצטער אויף זיך די אויפגאַבען פון'ם וועלט־פּראָלעטאַריאַט, וואָס שליסט איין דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט אויך, אנשטאט צו ערקלערען די רוסישע ארבייטער, אַז דער שיקזאַל פון רוסלאַנד איז איצטער ענג פארבונדען מיט דעם שיקזאַל פון איירָאָפּא, אַז דער ערפאָלג פון דעם איירָאָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט וועט פאַר אונז זיכערען א שנעלע פארווירקליכונג פון א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, און אַז א נידערלאַגע פון דעם איירָאָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט וועט אונז א שליידער טאָן צוריק צו א אימפעריאַליסטישער דיקטאַטור און מאָנאַרכיע, און שליסליך אין א לאַגע צו זיין ניט מעהר ווי קאָלאָניעס פון ענגלאַנד און די פאַראייניגטע שטאַאטען, אנשטאט צוצופאַסען אַלע אונזערע האַנדלונגען צו די אַלגעמיינע ציעלען און אויסזיכטען פון'ם איירָאָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט, קוקט גאָר גענאָסע מארטאָוו אויף דער רוסישער רעוואָלוציע פון א שמאָלען נאַציאָנאַליסטישען שטאַנדפּונקט, און עס איז ביי איהם רעכט צו דענקען, אַז די איצטיגע אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציע איז בלויז צו שאַפען א בורזשואַזנע דעמאָקראַטישע רעפּובליק. אַזאַ באַגריף איז לחלוטין פאַלש, מחמת עס פיהלט זיך דאָ דער שמאָלזיניגער נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט געפיהרט צום קראַך פון'ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל.

באַגרענעצענדיג זיך אַליין, אין דער פּראַקטיק, מיט אַזאַ נאַציאָנאַלער אנזיכט, פארזיכערט זיך גענאָסע מארטאָוו מיט דער מעגליכקייט צו זיין אין איין לאַגער מיט די סאָציאַל־פּאַטריאָטען. צוזאַמען מיט דאַן'ען און צערעטעלי'ן האָפט ער ארויסצוגעהן א גאַנצער פון דער „אָנשטעקעניש" פון'ם נאַציאָנאַליזם, מחמת נאָך דער מלחמה וועט דער נאַציאָנאַליזם פארשווינדען, און דאַן — אַזוי האָפט מארטאָוו — וועט ער זיך צוזאַמען מיט דאַן'ען און צערעטעלי'ן, אומקעהרען צוריק צו די „געוועהנליכע" וועגען פון דער קלאַסען־קאַמף. מארטאָוו איז צוגעבונדען צו די סאָציאַל־פּאַטריאָטען, ניט נאָר דורך א פוסטער פּארטיי טראַדיציע, נאָר דורך דער אָפּאָרטוניסטישער שטעלונג צו דער סאָציאַלער רעוואָ־

לוציע, מחמת זיי אַלע באַטראַכטען די סאָציאַלע רעוואָלוציע אַלס אַ ציעל פון דער ווייטער צוקונפט — אַ ציעל, וואָס האָט ניט קיין חלק און קיין שייכות מיט דעם אופן ווי עס ווערען געלעזט די פּראָבלעמען פון היינט. און דאָס טיילט זיי אָפּ פון אונז.

דער קאמף צו קריגען די מאַכט איז ביי אונז ניט בלויז אַ שריט צו אַ נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. ניין, דאָס איז ביי אונז די פאַרווירקליכונג פון אונזער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, דער זיעג איבער איינער פון די וויכטיגסטע פּאָזיציע אויף'ן גאַנצען פראָנט פון דעם קאַמף געגען דעם וועלט־אימפּעריאַליזם. און דאָס איז דער שטאַנדפּונקט, וואָס באַשטימט אונזער באַציהונג צו דער זאָגענאַנטער פראַגע פון פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד. אַ צייטווייליגע ענדערונג אויף'ן פראָנט אין איין זייט אָדער אין דער צווייטער קאָן ניט אָפּהאַלטען און קאָן ניט פאַרקירצען אָן אַ זייט אונזער קאַמף, וואָס איז געווענדעט געגען דעם סאַמע יסוד פון קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט חשק צו ברענגען אַ אימפּעריאַליסטישען חורבן אויף אַלע פעלקער.

**אָן אונאויפהערליכע רעוואָלוציע געגען דער אונאויפהערליכער שחיטה!**
דאָס איז אונזער קאַמף; און אין קאָן שטעהט דער שיקזאַל פון דער מענשהייט.



